משה קאָרמאַן (פּיעטראָקאָוו)

# אין דער שטיל

דערציילונגען און בילדער



ליטעראַרישער פאַרלאַג
ניו יאָרק
1924.

# אינהאלט:

## I אין דער שטיל

זייט


אין דער שטיל — 7
מאקס — 16
חברים — 21
שטילערהייט — 25
די פארצווייפעלטע — 28
אברהם זילבערמאן — 33
דאס בריף־קוישעל — 37
עלענד — 41
עס טרעפט זיך — 45
שמואל׳יק — 49


## II אין גערעג


איינמאל אין א פרימארגען — 58
לייבקע — 62
פאפי — 68
א מעשה מיט א קליינעם הינטעל — 72
אין א פרימארגען — 75
אויס „פאטאגראפיסט" — 78
א צעשטערטע פרייד — 82
א מאמע — 84
מוטער און קינד — 86
איינמאל אין א זומערטאג — 87
דער געשעפטסמאן — 89

## III וואָס איז ליבע


וואָס איז ליבע — 95
דער מאָנומענט — 100
אין אַ רויטען אַוועניו — 102
נומער 221 — 106
איר נקמה — 108
אסתר׳קע — 114
סעמקע הויקער — 118
זינאַ — 123


## IV אין פלאָנטער


אַ טאַטע — 131
אַ מעשה מיט אַ קריגעלע — 136
אין איינזאַמקייט — 142
מעשה׳לאַך — 144
די ליבעסבריף — 153
די וועטערען אין אַמעריקא — 157

# אין דער שטיל.

הירש וואלדבערג איז אמאל, אין דער יוגענט, געוועזען אן אידעאליסט, א טרוימער וואס האט זיך תמיד ארומגעטראגען מיט פאנטאזיעס וועגען א שענערער און א בעסערער וועלט. האט ער טאקע געלעבט ארים און עלענד, געפלאגט זיך און גע־ליטען.

צווישען באקאנטע האט מען אים גערופען דער בעל תשובה, ווייל תמיד איז ער ארומגעגאנגען אין אן ארים אפגעריבען רע־קעל, צעדרייטע שיך, אן אפגעבליאקעוועטען קאפעליוש. בכלל האט ער געמאכט דעם איינדרוק פון איינעם וואס זאגט זיך אפ פון עולם הזה.

געוואוינט האט ער ערגעץ אין א בחור'שען צימער, אין א געסעל ווייט הינטער'ן שטאט. ער האט זעלטען געארבייט. אר־בייטען איז ביי אים געווען דאס ערגסטע. ער האט בעסער געוואלט ליידען דחקות, זיין אויף גרויסע צרות, איידער אפ־פינסטערען ביי דער ארבייט פון פרי ביז נאכט.

— וואס דארף איך? — פלעגט ער אימער טענה'ן. — איך פאדער עפעס ביי אימיצען? זאלען ארבייטען יענע וואס זאגען אז ארבייט מאכט דאס לעבען זיס...

אמאל אבער, אז די נויט האט אים שוין גוט צוגעדריקט צום וואנט, דאמאלס איז ער אוועק אין פאבריק אריין, און, פאר־געסענדיג זיך, פלעגט ער אזוי אפארבייטען א טאג, צוויי. דער־נאך פלעגט ער פלוצלונג פון דער ארבייט, אין מיטען העלען טאג, ווידער פארשווינדען אין זיין ארימען שטיבעל, וואו ער פלעגט גאנצע טעג ליגען אנגעטועטערהייט אויף זיין אייזערן בעטעל און לייענען די ווערק פון זיינע פילאזאפען און סאציאלע דענקער.

וואַלדבערג׳ס באַקאַנטע האָבן אים ליב געהאַט. תמיד האָט ער פאַר זיי געהאַט אַ גלייך־ווערטעל, אַ וויץ, אַן אַנעקדאָט. אַזוי אַז ער איז אַלע מאָל אינטערעסאַנט געווען.

אָפטמאָל אין אַ שבת, ווען דער עולם איז געווען פריי פון דער אַרבייט, פלעגט ער פאַרבעטען צו זיך צו גאַסט.

און זיי, די חברים און חבר׳טעס, זיינען צו אים גערן אַרויפגעקומען און מען פלעגט פאַרברענגען ביז שפּעט אין דער נאַכט ביי ברויט מיט טיי, אָדער בראַטענדיג קאַרטאָפליעס אין קליינעם אויווועלע וואָס איז געשטאַנען אין מיטען שטוב. און מען פלעגט זיך דערציילען מעשיות, זינגען לידער ביז מען איז זיך ווידער פאַנאַנדערגעגאַנגען.

פאַרשידענע געשיכטעלאַך האָבן זיך וועגן וואַלדבער׳ן אויסגעפלאָכטען צווישען זיינע באַקאַנטע.

איינמאָל האָט מען דערציילט וועגן אים אַזאַ מעשה:

וואַלדבערג איז באַגליקט געוואָרען. אין וואָס אייגענטליך איז זיין גליק באַשטאַנען?

ער האָט געקראָגען אַ גוטען און ליבען חבר. יענער ווי ער, האָט אויך דיזעלבע אידעאַלען, דיזעלבע טרוימענדע נשמה פאַרמאָגט, אויך אַזאַ איינער וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט פון עולם הזה. האָבןביידע געוואוינט אין איין שטוב און אַלץ איז ביי זיי געווען שותפות, אמת קאָמוניסטיש.

אַזוי האָבן זיי, צום ביישפּיל, ביידע איין רעקעל געהאַט מיט איין פּאָר שיך. און אַז איינעם האָט זיך פאַרוואָלט גיין אין גאַס אַריין איז דער צווייטער דערווייל געלעגען אַ האַלב נאַקעטער אויפ׳ן אייזערנעם בעטעל און געלייענט די ביכער...

אַזעלכע און ענליכע מעשיות האָבן זיך וועגן אים אַרומגעטראָגען, וואָס זיינען, אגב, געווען ניט ווייט פון אמת.

אָפט פלעגט זיך וואַלדבערג אַוועקשטעלען אין זיין שטיבעל ביים פענסטער אַרויסקוקען אין דרויסען גלאַט אַזוי זיך און זיך צוהערען צו די אָפּקלאַנגען פון גאַס, צום גערויש פון די פאַר־

בייפארענדיגע פראכט־וועגען, צום געטומעל פון די מענשען, און אריינפאלען אין א פילאזאפישער שטימונג.

— גאט מיינער, וואס איז דאס פאר א צודרייטע וועלט ? צו־וואס דער גאנצער געטומעל און יאגעניש, דער הו־הא, צו־וואס ?...

פלוצלונג פלעגט אנקומען עפעס א מאן מיט א זאק אויף די פלייצעס און פלעגט נעמען שרייען אויפ'ן קול : „האנדעל ! האנדעל !“

— אהא, אט דאס איז עס, — האט וואלדבערג דאמאלס געשעפטשעט צו זיך, ווי עס וואלט אים אלעס קלאר געווארען.— „האנדעל, האנדעל“, אט דאס איז אייגענטליך די גאנצע געזעל־שאפט... נאר מיט'ן אונטערשיד : וואס איינער טראגט דעם זאק אויף די פלייצעס, און אנדערע טראגען דעם זאק אויף די נשמות...

אט אזוי האט ער זיך געלעבט, געמאכט זיין חשבון וועגען לעבען און וועגען דער געזעלשאפט, געקוקט אויף אלעמען מיט באדויערונג און מקנא געוועזען זיך אליין וואס ער האט זיך אריבערגעהויבען איבער דעם וואכעדיגען „גאסען שטויב“, פי־לענדיג, אז ער איז העכער, רייכער פון אלעמען אין זיין וועלט פון טרוימען און אידעאלען...

* * *

לאנגזאם האט זיך דאס ראד פון לעבען געדרייט.

עס האבען זיך געוויקעלט טעג נאך טעג, וואכען נאך וואכען, און פון די טעג און וואכען זיינען זיך געווארען חדשים און יארען.

וואלדבערג איז עלטער און עלטער געווארען. פון זיין שווארצען קאפ האר האט זיך שוין א שיין ביסעל ארויסגעזיל־בערט. פוןביידע זייטען פאות האבען זיך גענומען ארויסווייזען קליינינקע שניי־ווייסע פלעקעלאך, אויף זיין שטערען האבען זיך

אויסגעלייגט צוויי קליינע קאַרבעז, וואָס האָבען זיך געשניטען אַלץ טיפער און טיפער.

פון זיינע אַמאָליגע חברים האָט ער איצט שוין כמעט קיין איינעם ניט געהאַט. איינעגע זיינען זיך צופאָרען ווייט און ברייט איבער דער וועלט, איבער לענדער און ים'ען, אַנדערע, ווידער, האָבען חתונה געהאַט, געוואָרען בעל־הבית'לעך מיט קליינליכע גראָשענדיגע עסקים, און וועמען פון זיי קאָן ער איצט אין זין ליגען, אָדער ווער פון זיי קאָן אים גאָר איצט אינטע־רעסירען?... שווערע צייטען אַנגעשטאַנען, אַמאָל, ניט נאָר איז געווען מיט וועמען צו פאַרברענגען, נאָר מען האָט נאָך געקאָנט א בארג טאָן א פופצען־צוואַנציג קאָפּיקעס און אָפּלעבען דער־מיט איינגע טעג. איצט אָבער קומט אויס: גיי אַרבייטען, שפּאָן זיך איין... אָבער גיי גנב'ע. דאָס לעצטע אָבער איז פיל העלדישער ווי דאָס ערשטע.

וואַלדבערג האָט דערפילט, אַז אַלע זיינען אַוועק און ער איז געבליבען אַליין. עס האָט אים אַרומגענומען א שרעק און א צווייפעל. ער האָט גענומען פילען ווי אַלעס ווערט אונטער די רעדער פון לעבען צוריבען און צומאַלען.

קוקענדיג אין שפּיגעל און זעענדיג די צוויי קנייטשען וואָס האָבען זיך אויסגעלייגט אַרום זיינע מויל־ווינקלען, די קאַרבען אויפ'ן שטערן און די ווייסע פּלעקלאַך אויף די האָר, האָט אים אַרומגענומען א טיפע בענקשאַפט און א רחמנות אויף זיך אַליין, אויף זיין יוגענט וואָס איז פאַרלוירען געגאַנגען אַז יאָרען און אַז לעבען. און דער צווייפעל האָט, פון טאָג צו טאָג, ווי מיט שאַרפע נעגעל גענומען אייגעסען זיך אַלץ טיפער און טיפער אין זיין נשמה.

עס איז אונטערגעוואַקסען אַן אַנדערע יוגענט, מיט אַנדערע טרוימען און אידעאַלען; צו אים אין טיר קלאַפּט שוין איצט זעלטען ווער אַז. און וואַלדבערג האָט שוין אויך אויפגעהערט טרוימען פון א שענערער און בעסערער וועלט. ער האָט נאָך

געטרוימט און געבענקט נאך א פארגאנגענהייט וואס האט אים פארלאזען, און עס האט אים גענומען ציען, ציען ערגעץ אין דער ווייטער וועלט אריין. אים האט זיך גענומען דוכטען אז ערגעץ ווארט נאך אויף אים זיין פרי פארלוירענע יוגענט מיט אפענע ארעמס, און וועלכער ער איז איצט בארייט אריינצו־ווארפען זיך מיט לייב און לעבען און זויגען און זויגען דעם זאפט צוזאמען מיט'ן גיפט ביז ער וועט אזוי אויף די ארימס פון לע־בען פאר'סמ'ט ווערען...

וואלדבערג איז אוועק ארבייטען, געשפארט א גראשען צו א גראשען און ווען ער איז געקומען צו א קליינע סומע געלט, האט ער איינמאל אין אן אסיען טאג, מיט קיינעם זיך ניט אפ־געזעגענט, פארלאזען זיין קליינעם ארימע שטיבעל אין וועלכען ער האט יארען־לאנג זיינע שענסטע חלומות געשפונען און אוועקגעלאזען זיך אין דער ווייטער, אומבאקאנטער וועלט אריין.

* * *

אין דער גרויסער שטאט לאנדאן, אין געטומעל און גע־רויש, האט זיך ערגעץ אין א שטיבעל, אויף ווייטשעפעל, איצט הירש וואלדבערג געוואוינט.

טיף אין זיין הארצען האט ער געטראגען א קבר פון צע־בראכענע אידעאלען און פון זיין אייגענער צעריסענער נשמה. דאך, אויסערליך האט עס קיינער ניט געמערקט. אדרבא, זיינע באקאנטע פון אמאל, האבען זיך אפטמאל געוואונדערט איבער אים:

— ווי ער האט זיך דאס געענדערט, — האבען זיי גערעדט צווישען זיך, — ווי פראקטיש ער איז דאס געווארען. ווער וואלט דאס אמאל געגלויבט אויף וואלדבערג'ן?

און ווירקליך האט עס טאקע אזוי אויסגעזען. ער איז גע־ווארען א גוטער און א פלייסיגער ארבייטער. ווי ווייט ער האט

געקאַנט, האָט ער זיך אימער שיין געקליידעט, תמיד געטראָגן א שיין שפּאַציר־שטעקעל אין האַנט און ווייניג, זייער ווייניג זיך צוזאַמענגעקומען מיט זיינע אַמאָליגע באַקאַנטע. אַלעם האָט אויסגעקוקט אַזוי ווי ער וואָלט זיך איצט געשעמט מיט אַלע די פון אַמאָל.

און ווידער האָבן זיך וועגן אים גענומען אַרומטראָגן פאַרשידענע מעשיות. אָבער שוין ניט מער אַזעלכע ווי אַמאָל אין דער אַלטער היים.

מען האָט גערעדט, אַז ער האָט זיך אַריינגעלאָזן אין אַן אוממאָראַלישן לעבן. אַז זיין פרייע צייט און זיינע פאַר־דינסטן פּטר'ט ער אַוועק אין ניט גאָר קיין אַנשטענדיגע ער־טער. און אויך דאָס איז ניט ווייט פון אמת געווען.

עפּעס ווי ער וואָלט זיך מיט'ן לעבן געוואָלט איצט אָפּ־רעכענען, ראַכע נעמען.

פלעגט ער זיך אַמאָל באַגעגנען מיט א באַקאַנטן, און יענער פלעגט מיט אים אַזוי מן הצד, פאַרפירן א געשפּרעך וועגן אוממאָראַליטעט, האָט ער תמיד געהאַט א קאַלטן פי־לאָזאָפישן ענטפער:

— נאָך אַלעמען, אין דער היינטיגער געזעלשאַפט, האָט קיינער קיין רעכט ניט, אָדער בעסער גערעדט, עס איז קיינער ניט דערוואַקסן דערצו, צו זאָגן אַז איינצעלנעם פּערזאָן ווי אַזוי ער זאָל לעבן. ווייל אַנטקעגן דער גאַנצער פאַרברעכע־רישער געזעלשאַפט, איז גאָר ניטאָ קיין איינצעלנער פּערזאָן. קיין זינדיגער. אַלעס איז פאַלש, אַלעס איז פאַרשטעלט אונטער א קאָמפּליצירטער מאַסקע פון אָנגענומענעם מאָראַל און געזעץ... און א שפּאָטישער שמייכעל פלעגט זיך דאַן באַווייזן אויף זיינע ליפּן:

— ס'אַ וועלט פון „האַנדעל, האַנדעל", איינע האַנדלען מיט די זעק אויף די פּלייצעס און אַנדערע האַנדלען מיט די זעק אויף די נשמות.

אט אזוי האט יעצט וואלדבערג געלעבט.

עס האט זיך געדאכט אז ער וועט שוין אזוי פארזינקען.

ווער אבער קען עפענען אלע ווינקעלאך פון א מענשענס טיפער נשמה?

טרעפט זיך אמאל מיט אים אזא געשיכטע:

עס איז געוועזען אין א פרייען זומערדיגען פארנאכט. אין דרויסען איז געפאלען א דראבנער רעגענדעל. וואלדבערג האט זיך ארומגעשפאצירט אין איינער פון די לאנדאנער פרייליכע גאסען... ער איז געגאנגען מיט לאנגזאמע טריט ארויף און אראפ. דעם קראגען פון זיין רעקעל אויפגעשטעלט, דעם שירעם ברייט צועפענט אריבער זיין העל־ברוינעם קאפעלוש, און געווארפען זייטיגע בליקען אויף יעדער פארבייגייענדיגער פרוי.

פלוצלונג איז אים אנטקעגען געקומען עפעס א באקאנטע פרויען־פנים. ער איז געוועזען זיכער, אז ער האט זי ערגעץ לאנג, לאנג צוריק, ערגעץ־וואו, געזען.

איר, דער פרוי, האט זיך קענטיג, אויך געדוכט דאס זעלבע. האבען זיך פיר אויגען באגעגענט, א שטארקען בליק גע־כאפט.

זיי זיינען ווייטער געגאנגען, יעדער צוליב זיינע צוועקען. דאך האבען זיךביידע עפעס אינסטינקטיוו אומגעקוקט און נאכ־געקוקט זיך איינער דעם צווייטען.

אפנייענדיג אזוי ביז צום ראג גאס, האבען זיך ביידע אומ־געקערט, אזוי אז עס איז אויסגעקומען אז אומגעפער אין מי־טען טראטואר האבען ביידע זיך ווידער באגעגענט.

ביידע האבען זיך ניט דרייסט אפגעשטעלט.

— איר זייט מיר עפעס באקאנט, פריילין, איך קאן זיך ניט דערמאנען פון וואו — האט וואלדבערג העפליך א זאג גע־טאן, אויפהייבענדיג אביסעל העכער זיין שירעם.

— איז ניט אייער נאמען וואלדבערג? — האט זי צוויי־פעלהאפט דאך מיט א שמייכעל געפרעגט.

— יאָ, — האָט ער צוריק געשמייכעלט, — מעג איך ווי־סען אייער נאָמען ?

— פּרוואווט זיך דערמאָנען.

— איך געדענק ניט.

— געדענקט איר ניט סאַלטשע א... פון דער שטאָט ל...

— סאַלטשע !... — האָט ער אויסגערופען, און געבליבען א ווײַלע שטיין ווי צעטומעלט און גענומען זיך פאַרשטעלען אין געדאַנק יענע סאַלטשע, פון אַמאָל, מיט אירע פאַר׳חלומ׳טע אויגען, מיט די צוויי שווארצע צעפּ, מיט איר ליב פּנים פון וועלכע ער זעט איצט בלויז דאָס געשטאַלט פון יענער.

— קומט, איר גייט מיט מיר מיט ? — האָט זי אים מיט א פּשוט׳ען וואונק פון א גאַסען־פרוי א פרעג געטאָן.

ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך. און גע־בליבען שטיין אַז אַן ענטפער, ווי דאָס לשון וואָלט ביי אים אָפּ־גענומען געוואָרען. עפּעס האָט ער געקראַגען א געפיל ווי א טויטע פרוי פון יענער וועלט וואָלט אים גערופען.

זי האָט אים ניט געלאָזען טראַכטען און באַלד צוגעלייגט :

— מיר פאַרשטייען דאָך אַן עסק... פאַר וואָס זאָל א פרעמ־דע נעמען געלט ביי אייך ?...

אַז זי האָט דערזען, אַז ער ענטפערט נאָך אַלץ ניט, האָט זי גאַר פּשוט אויסגעשטרעקט איר האַנט און גענומען אים אונ־טער׳ן אָרים.

מיט מעכאַני׳שע טריט האָט ער איר גענומען נאָכגיין און אין מוח ביי אים האָט אַלץ געלעבט יענע ליבע סאַלטשע, וואָס ער האָט געקענט אַמאָל.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צו א הויז וואו זי האָט אים צו־געפירט, איז פאַר דער טיר געשטאַנען א יונגערמאַן. דאָס איז איר „פאַרהייראַטער מאַן“ געווען.

איינקוקענדיג זיך איינער אין צווייטען האָבען זיך ביידע דערקאַנט.

זיינען זיי אריין אין שטוב, זיך אוועקגעזעצט ביי א טישעל און, פארגעסענדיג וואס און ווי אזוי עס האט זיי ביידען צוזא־מענגעבראכט, זיינען זיי זיך אזוי אפגעזעסען א שיינע פאר שטונדען, ביז שפעט אין דער נאכט אריין, און גערעדט פון אל־טער אמאליגער פריינטשאפט.

ווען וואלדבערג איז ארויס פון הויז, האט ער ניט גע־וואוסט וואס עס טוט זיך מיט אים. עפעס האט אין זיין מח גענומען ארבייטען. עס האט אים געשווינדעלט פאר די אויגען.

ער האט געוואנדערט גאס איין, גאס אויס.

אזוי שפרייזענדיג דורך די גאסען האט ער ארויפגעשפאַ־צירט אויף א הויכען בריק. ער איז ארומגעגאנגען מיט לאנג־זאמע טריט ארויף און אראפ, האט ער אלץ געשעפטשעט צו זיך: וואו בין איך? וואו בין איך? און פאר זיינע אויגען זיי־נען ארויפגעשוואומען לאנג פארגעסענע, לאנג צערונענע ביל־דער און געשטאלטען: דאס קליינע ארימע שטיבעל, וואו ער האט אמאל פארבראכט טרוימענדיג פון א בעסערער און שענע־רער וועלט; די חברים, זיצענדיג ארום ביים אויוועלע בראטענ־דיג קארטאפליעס. דאס אייזערנע בעטעל מיט זיינע באליבטע דענקער צוקאפענס... אך, ווי עס האט זיך אים איצט ווידער גע־וואלט דארט דעם קאפ אוועקלייגען און חלום'ען חלומות פון אמאל.

פלוצלונג האט ער א מאך געטאן מיט'ן האנט, א וואָרף געטאן דעם שירעם און נאכ'ן שירעם זיך אליין.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויפ'ן צווייטען טאג, ווען זיינע באקאנטע האבען אים אין מארג דערקענט, האט זיך זיי געדוכט, אז פון זיינע טויטע ליפען פאלט ארונטער זיין אלטער שפאטיש־סארקאסטישער שמייכעל: „האנדעל, האנדעל"...

# מ אַ ק ס.

צווישען די פיל פריינט און באַקאַנטע וואָס מאַקס פאַר־מאָגט, קען אים קיינער פון זיי ניט פאַרשטיין. אויף וויפיל זיי פאַרשטייען אים יאָ, איז עס נאָר אויסערליך, אינערליך אָבער, איז ער פאַר זיי ווי אַ פאַרזיגעלטער בוך, עפּעס אַ מענש מיט אַ מאָדנע נשמה.

מאַקס איז אַ פּשוט'ער פאַבריק־אַרבייטער, אַ בחור פון אַ יאָר דרייסיג. נאָך זיין אויסזען איז ער תמיד פריילעך, גוט־מוטיג, אַלע מאָל מיט אַ שמייכעל אויף זיינע ליפּען. זיין פיגור איז אַ הויכע, אַזוי אַז אַ מיטעל־געוואַקסיגער מענש מוז אַלע מאָל, ווען ער רעדט צו אים, אַביסעל אַרויפקוקען. און ווען איר קוקט אַרויף צו אים, דוכט זיך אייך, אַז זיין שמייכעל פון זיין ברוינעם פּנים וואָס איז ענליך צו בראָנז־פאַרב, פאַלט אַראָפּ אויף אייך...

מאַקס איז אויך אַ שטאַרקער רויכערער, און עס קומט אויס כמעט, אַז אַלע מאָל ווען מען רעדט מיט אים, רויכערט ער זיך זיין קליין טונקעל־ביינערנע ליולקעלע און בלאָזט דעם רויך צום סופיט, וואָס צוליב דעם דוכט זיך אייך, אַז ער ציט זיך דאַמאָלס אויס נאָך העכער ווי ער איז.

באַגעגענט איר מאַקס'ן אין גאַס, גייט ער זיך תמיד מיט שנעלע טריט, ווי ער וואָלט געלאָפען ערגעץ וואוהין. כאָטש איז אמת'ן טוט אים ווער אמאָל פלוצלונג אַ שטעל אָפּ און פרעגט: „וואוהין ליפּסטו מאַקס?" ווערט ער זיך באַלד אָפּשטעלען און מיט אַ שמייכעל ענטפערען:

— איך ווייס? אָט גיי איך אַביסעל, איך ווייס אַליין ניט וואוהין...

געקליידעט גייט זיך מאַקס גאַנץ אָרעם. תמיד ווערט איר

אים טרעפען. ווינטער אין דעם זעלבען פאלטאן, וועלכען איר ווייסט אליין ניט וואס פאר א קאליר דאס איז; און זומער, אלע טעג און יום־טובים, דאס זעלבע אנציגעל. אם מייסטען גייט ער זיך דעם קראגען אויפגעשטעלט, די הענט אריינגע־ רוקט אין זיינע טאשען, ווי ער וואלט מורא האבען פאר א פאר־ קילונג.

פארוואס גייט ער אזוי געקליידעט „ניט אויף זיך", האבען שוין א סך פון זיינע פריינט געפרואווט טרעפען, אבער זיי האבען עס קיינמאל ניט געקאנט וויסען.

קארג איז מאקס גראד ניט. אלע וואס קאנען אים, ווייסען, אז קיין ליבהאבער פון געלט איז ער אויך ניט. אדרבה: אדורכלאזען א פאר דאלער מיט באקאנטע איז ביי אים פון די קלענסטע זאכען. און אין אלגעמיין, א חוץ קליידונג, לעבט ער זיך גאנץ ברייטליך, נאך זיינע פארדינסטען נאך. ער גייט אימער אין טעאטער, מאכט מיט פארשידענע אנדערע ענליכע גייסטיגע אונטערהאלטונגען, און פון זיינס א דאלער וועט ער זיך קיינמאל ניט אפזאגען, אויב מען דארף פאר ווענען.

טרעפט אמאל, אזא פריינד טוט אים א זאג:

— מאקס, דו ווייסט, דו וואלסט געדארפט האבען א נייעם אנצוג, דו קומסט דאך עפעס צווישען לייטישע מענשען, צווי־ שען געזעלשאפט.

דא קוקט אים מאקס אן מיט זיין שמייכעל און ענטפערט:

— נאריש קינד, וואס דו רעדסט „געזעלשאפט". ווער? וואס? ווען? צוליב דער געזעלשאפט? איך לעב אזוי פיל צו־ ליב דער געזעלשאפט, ווי די געזעלשאפט לעבט צוליב מיר... איך טו ווי איך קאן און ווי מיר איז ליב! נו, און אז איך גע־ פעל ניט די געזעלשאפט איז וואס?... די געזעלשאפט געפעלט מיר דען יא?...

וואלט מאקס ניט געווען אזוי לעבענסלוסטיג, וואלט מען אים פארעכנט פאר א פעסימיסט, ווייל אפטמאל קאן ער גע־

מען פילאָזאָפירען מיט אייך איבער'ן לעבען און עס אויסמאָלען אייך מיט די שווארצעסטע פארבען, און דערצו נאָך וועט ער ריידען מיט אייך אַזוי שיין, אַזוי בינדענד, אַז יעדער געדאַנק וואָס ער וועט פאַר אייך אַנוואַרפען, וועט פאַר אייך אויסוואַקסען ווי אין לעבעדיגע געשטאַלטען... אַבער, אין מיטען בעסטען, קען זיך מאַקס אַריינטאָן זיינע צוויי הענט אין די טאַשען און נעמען אייך פייפען אַ שיין פאַר'חלומ'ט לידעל, און אַנקוקענדיג אייך מיט זיין סימפּאַטישען שמייכעל קען ער אייך נאָך צולייגען אַ פּאָר שיינע וויצען, פון וועלכע איר זאָלט הנאה האָבען און שטאַרק לאַכען. און נאָך דעם ערשט, צושטיין צו אייך איר זאָלט מיט אים ערגעץ מיטגיין אין אַ קאַפע־הויז, אָדער גאָר אין אַ קאַבאַרעט. ער האָט אַזוי ליב צו פאַרברענגען אין קאַבאַרעט, גלאַט אַזוי.

אָפטמאָל קען זיך מאַקס אַזוי פאַרברענגען אין קאַבאַרעט ביז שפּעט אין אָוענט, זיצענדיג אין אַ ווינקעל, ביי אַ טישעל ביי וועלכען ער עסט, אָדער טרינקט עפּעס. אַוועקגייענדיג לאָזט ער נאָך אַלע מאָל איבער דעם קעלנער אַ שיינעם „טיפּ“ אַזוי אַז דער קעלנער קען אים שוין זייער גוט און ער באַהאַנדעלט אים טאַקע זייער גוט אויך, כאָטש אין געדאַנק טראַכט אַליין דער קעלנער אַסך מאָל: וואָס פאַר אַ מענש איז דאָס?...

אָט דעם איינדרוק „וואָס פאַר אַ מענש איז דאָס“, האָט מאַקס געמאַכט אייגענטליך אויף אַלע כמעט וואָס האָבען אים געקאַנט.

אויפ'ן געביט פון ליבע איז מאַקס גאָר אַן אומגליקליכער. תמיד גייט ער אַרום מיט אַ צעבראָכען האַרץ פון ליבע.

און מאַקס האָט זייער ליב צו דערציילען, אָראָפּצורעדען זיך, פאַר פריינט פון זיינע אומגליקליכע ליבעס. עפּעס דערציילט ער עס מיט אַזאַ מין מאָדנע הנאה, אַז עס קוקט אויס ווי ער וואָלט זיך פאַרליבט אין דער טיפער בענקשאַפט זיינער, אין דעם ווייטאָג פון זיינע ליבעס־ליידען.

— מיידלאך, נארישע מיידלאך, — שמייכעלט ער און בשעת מעשה, קוקט ער אויס אזוי נאאיוו, פאר׳חלומ׳ט, אז איר האט פשוט הנאה אויסהערענדיג צו קוקען אויף אים.

איינמאל, דערציילט ער, האט ער געהאט א געליבטע, א שיין מיידעל, ראזי, האט זי געהייסען. אוי, ווי ראזי האט אים געליבט, זי האט א סך מאל געזאגט, אז אן אים, קוקט ביי איר עפעס די גאנצע וועלט אויס ווי פוסט... ווערטלאז און אומאינ־טערעסאנט... ער — האט זי אויך געליבט, זייער געליבט! וואס דען, ער האט זי ניט געליבט?...

מאכט זיך, איינמאל אין אן אווענט, גייענדיג פון א טעאַ־טער, שפאצירט ער זיך אריין, מיט זיין ראזי׳ן, אין א טשיילד׳ס קאפע. און גאר ניט. זיי זיינען זיך אזוי געזעסען, געגעסען, געטרונקען; ראזי איז געזעסען אנטקעגען אים און געקוקט צו אים מיט איר טיפער ליבע, און ער — מיט זיין טיפער ליבע צו איר.

ווען זיי ווילען שוין אוועקגיין, קומט צו דער קעלנער און נעמט אים העלפען אנטאן זיין פאלטאן. גראד איז אן ארבעל פון אינעווייניג פון זיין פאלטאן געווען צעריסען. און ווי דער קעלנער האלט אזוי ברייטליך זיין פאלטאן, שטופט ער איינמאל אריין די האנט... נאך אמאל... און עס טרעפט אלץ אין דער ארבעל־לייוואנט... דער קעלנער איז געבליבען זייער פארשעמט... דערציילט מאקס. עס איז אים אזש געווען א רחמנות אויפ׳ן קעלנער. און ראזי — ראזי איז עפעס אין גאנצען געבליבען ניט דיזעלבע. וואס דער סוף איז געווארען — זאגט ער — דארף איך דאך שוין אייך ניט דערציילען...

אזעלכענע און ענליכע ליבעס־געשיכטעס, דערציילט אייך מאקס ווען איר צעשמועסט זיך מיט אים וועגען זיינע צעבראַ־כענע ליבעס. און דערציילענדיג, שמייכעלט ער און זיפצט, זיפצט און שמייכעלט צוזאמען... און איר קוקט אים אן און טראכט:

— וואס פאַר אַ מענש איז דאָס דער מאַקס? נאָר איר קאָנט זיך קיין ענטפער ניט געפינען. ער בלייבט פאַר אייך אַ פארזיגעלטער בוך, אַ מענש מיט עפּעס אַ מאָדנע נשמה...

# חברים.

עס איז געוועזן איינמאל אין אן אווענט, ווען מאקס האט זיך דעם ערשטען מאל באקענט מיט רבקה׳ן.

דאס איז געווען אין דעם קליינעם פוילישען שטעטעל פ...

רבקה איז זיך דעמאלט, יענעם אווענט, געזעסען אויף א באנק אין דער אלעע מיט א פאר חבר׳טעם און דיסקוטירט אי־בער א זייער וויכטיגער פראבלעם, נעמליך: צי איז מעגליך אז אמת׳ע רעוואלוציאנערען, מענשען מיט גרויסע נשמות, וואס קעמפען פאר דעם וואוילזיין און פאר דער ליבע פון דער גאנ־צער מענשהייט, אז אזעלכענע מענשען זאלען זיך קענען פאר־ליבען א מאן אין א פרוי, און צי האט איבערהויפט א רעוואָ־לוציאנער א רעכט צו זיין אזוי עגאאיסטיש, אזוי קליין־נשמה׳דיג און טראכטען גאר וועגען אזא זאך ווי ליבע...

— וואס איז דען ליבע? — האט רבקה ארגומענטירט, אויפהויבענדיג אלע ווײלע אירע שווארץ־חנ׳עוודיגע אויגען צו די צווייגען, דורך וועלכע די לבנה האט דורכגעשמייכעלט — ליבע? עס איז איבערהויפט אזא זאך ווי ליבע אויף דער וועלט ניט פאראן, האט זי פעסטגעשטעלט. א ליבע, וואס איז גע־בויט אויף באציאונג פון א יונגען מאן צו א מיידעל אדער פאר־קערט, איז קיין ליבע ניט! דאס איז ניט מער ווי אייגען־ליבע.

— אודאי, עס איז דאך פארשטענדליך און לאגיש, — האט א צווייטע צוגעגעבען און גענומען באווייזען מיט פאקטען אז די גרעסטע צאל ליבעס לאזען זיך אויס מיט חתונות... און אויב עס וואלט ווירקליך עקזיסטירט אזא זאך ווי אמת׳ע גיים־טיגע ליבע, טא וואלט זיך דאך פארליבט איין יונגערמאן אין א צווייטען, אדער איין מיידעל אין א צווייטער מיידעל...

נאך א הייסע דעבאטע, ווי עס איז שוין באשלאסען גע־

וואַרען, אז קיין ליבע עקזיסטירט ניט, האָבען זיך די חבר'טעס גענומען שפּאַצירען איבער'ן אַלעע, וואָס איז דאַמאָלט אויך גע־ווען זייער בערזשע.

מאַקס איז גראַד יענעם אַווענט געווען אָנגעקומען אינ'ם שטעטעל פּ., וואוהין ער איז געשיקט געוואָרען פון ראַיאָנעם קאָ־מיטעט צו אַרבייטען דאָרטען פאַר דער באַוועגונג. און אַזוי ווי רבקה איז געווען אַ נאָענטער מיטגליד פון דעם אָרטיגען קאָ־מיטעט, האָט מען איר פאָרגעשטעלט מאַקס'ן.

מאַקס איז געווען אַ ליבער און סימפּאַטישער יונגערמאַן. זיין בליק איז געווען אַ פאַר'חלום'טער און חנ'עוודיג. אויף זיין אינטעליגענטען פּנים איז תמיד געלעגען אַ שמייכעל, אַ שמייכעל ניט ווי יענער שמייכעל פון זעלבסטצופרידענהייט, נאָר פון חבר'שער ליבע. זיין פיגור איז געווען עטוואָס העכער פון מיטעלוואוקס. אָנגעטאָן איז ער געגאַנגען נעט און פּשוט: אַן אָרעם אַנצוגעל, אַ רונדען שוואַרצען קאַפּעליוש און אַ שוואַרצע רוסישע בלוזקע.

— חבר מאַקס, — האָט ער איר געזאָגט שטילערהייט, דערלאַנגענדיג זיין האַנט.

— חברה רבקה, — האָט זי אים צוריקגעזאָגט, דריקענדיג וואַרים זיין האַנט אין אירער.

---

מאַקס און רבקה זיינען געוואָרען זייער חבר'יש צוגעלאָזען איינער צום צווייטען.

תמיד, וואו עס איז נאָר אויסגעקומען, אויף אַ פאַרזאַמ־לונג, צי ביי אַ דיסקוסיאָן, ביי אַ סטרייק צי אויף דער בערזשע, זיינען זיי אימער געוועזען צוזאַמען. ניט ווייל זיי האָבען זיך געליבט, ח"ו, דאָס וואָלט קיינעם ניט געוואָגט צו קומען אפילו אויפ'ן געדאַנק, נאָר גלאַט אַזוי, צוויי מענשען, חברים, וואָס האָבען געאַרבייט פאַר איין גרויסען ציל, פאַר איין אידעאַל.

קיין חבר, קיין פריינט האט רבקה פון דאן אן ניט מער געקענט געפינען מיט וועמען זי זאל זיך אזוי קאנען פארשטענ־דיגען איבער אלעס, ווי מיט מאקסען. וועגען אלעס האבען זיי זייערע מיינונגען געטיילט, אפילו וועגען ליבע האבען זייביידע דיזעלבע אנשויאונגען געהאט... פלעגען זיי אלע מאל גיין צו־זאמען און דיסקוטירען איבער פארשידענע לעבענס־פראגען.

פלעגען זיי אמאל זיצען אין די שפעטע זומער־אווענטען אין דער אלעע אויף א באנק און מאקס פלעגט האלטען איר האנט אין זיינער און דריקען ווארים אירע שפיץ־פינגער פון אירע ווייכע מיידעל־הענטלאך, איז דאס אויך נאר געווען פון חבר׳שאפט.

א סך מאל פלעגט רבקה׳ן אדורכלויפען א געדאנק אין איר מח, אז זי איז פארליבט אין מאקס׳ן. פלעגט זי אבער באלד דעם דאזיגען קאנסערוואטיווען געדאנק פון זיך אליין פארטריי־בען און זי פלעגט זיך וואונדערען און רויטלען פאר זיך אליין, ווי א כח עס האבען דאס אזעלכע געדאנקען צו קריכען איר אין קאפ אריין...

אט אזוי האבען זיי זיך ביידע געלעבט טעג און וואכען, וואכען און מאנאטען, ביז עס האט זיך געמאכט אז איינמאל, אוים פאליטישע אומשטענדען, האבען זיי ביידע געמוזט פאר־לאזען רוסלאנד, און שטיל אין געהיים האבען זיי זיך אפגעזע־גענט מיט זייערע נאענטע און זיי האבען זיך אריבערגעשיפט נאך אמעריקא איבער דעם טיפען און גרויסען אקעאן.

---

מאקס מיט רבקה׳ן וואוינען זיך איצט אין ניו יארק, ערגעץ אין א גרויסען טענעמענט הויז, אויפ׳ן פינפטען שטאק.

אפטמאל חלומ׳ען זיי און בענקען צוריק נאך יענער אל־טער אמאליגער ליבער צייט.

אין שטוב שפּילען זיך צוויי קינדערלאַך, ווי קליינע מלאכימ'לאַך...

מאַקס גייט אין אַ פאַבריק אַריין, און זי, רבקה, פּאַסט אויף אויפ'ן הויז און אויף די קינדערלאַך.

יעדען אָוועגט, ווען מאַקס קומט אַהיים פון פאַבריק, כאַפּען זיך אויף אים אַרויף זיינע צוויי בנימ'לאַך, און זיי הענגען זיך אין אים אַן איינס פון פאָרענט און איינס פון הינטען, און רבקה קוקט אויף אים און שמייכעלט, און שמייכלענדיג טוט זי אים פיל מאָל אַ פרעג שטיפעריש:

— מאַקס, וואָס זיינען מיר אייגענטליך, מאַן און פרוי, אָדער חברים?

— חברים, — ענטפערט ער איר צוריק שטיפעריש, — וואָס דען? מיר וועלען דאָך ניט זיין אַזוי קאָנסערוואַטיוו און זיין מאַן און ווייב. אָי די קליינע חברה, נו, זיינען זיי אונזערע קליינע חברימ'לאַך. און דאָס זאָגענדיג, פאַר'גנב'עט ער זיך צו איר ווי אַ שטיפער און קושט איר ליב און האַרציג אירע חבר'שע בעקעלאַך. און אין שטוב דוכט זיך שמייכעלט אַלעס פון די ווענט אַרונטער מיט ליבע און אַלעס זינגט:

„חברים, חברים“.

# שטילערהייט...

מאקס'ן איז מיט אמאל מיאוס געווארען די ארבייט, דאס טאג־טעגליכע לעבען אין פאבריק, הינטער די קליינע גרויע פענסטערלאך.

עס איז אים אריינגעקראָגען אין קאָפּ א געדאנק: „וואָס וועט ווערען?" האָט דער פאר'גנב'עטער געדאנק ניט אויפ־געהערט פרעגען — אַלע טאָג דאָס זעלבע: עסען, ארבייטען, שלאָפען? עסען, ארבייטען, שלאָפען?

איז ער איינמאָל אויפגעשטאַנען אין אַן־אין־דער־פרי, ווי אַלע מאָל, און האָט זיך גאָר ניט וויסענדיג געמאַכט, איינגע־פּאַקט זיך א פּעקעלע מיט עסען, ווי יעדער טאָג, ווען ער גייט צו דער אַרבייט, און איז אַוועק פון הויז.

גייענדיג אויפ'ן וועג, האָט זיך מאַקס געשפּרייזט מיט לאנגזאמע טריט און ארומגעקוקט זיך.

עס איז אַ שיינער פרימאָרגען געווען. אויפ'ן הימעל זיי־נען זיך פאַרטראכט געשטאַנען די מאָרגענדיגע ווייסע זילבער־וואָלקענדלאך. די זון האָט מיט אירע שטראַלען געקושט די שפּיצען פון די הייזער. דאָ און דאָרט האָט א פויגעלע זיך אָפּגעשטעלט, א צווייטשע געטאָן און אַוועקגעפלויגען. וועגענער זיינען געפאָרען און ריטמיש געקלאַפּט. מאַקס'ן האָט זיך געגנו־מען דוכטען, אז ער האָט שוין לאַנג אַזאַ פרימאָרגען ניט גע־זען...

— ניין, ער גייט היינט ניט צו דער אַרבייט, — האָט ער געריידט אין דער שטיל צו זיך אַליין. — כאַפּט עס דער טייוועל! — האָט ער זיך שטילערהייט געבייזערט, אַליין ניט וואָ־סענדיג אויף וועמען...

און אנשטאָט דעם וועג צום פאַבריק, האָט ער זיך פאַר־

נומען אויף אַן אנדער וועג, וואָס פירט צום הינטער'ן שטאָטי־שען פּאַרק.

גייענדיג, האָט זיך אים אַלץ געדוכט, אַז אימיצער רופט אים, נאָר ער האָט זיך ניט אומגעקוקט.

ווען ער איז אריינגעקומען אין פּאַרק, האָט ער זיך אויס־געטאָן דאָס רעקעל, אוועקגעלייגט זיך אויפ'ן גראָז, אויפגע־עפענט דאָס פּעקעלע און גענעסען געשמאַקפּול. דערנאָך איז ער זיך אַזוי געלעגען מיט'ן פּנים ארויף און געקוקט אין דער הימלישער בלויקייט אריין און געטראַכט, געטראַכט פון פאַר־לוירענע יאָרען, פון א פאַרלוירען לעבען, און ביסלאַכווייז צו־גדרעמעלט.

אַזוי האָט ער פאַרבראַכט ביז נאָך האַלבען טאָג.

ארום צוויי אַזייגער נאָכמיטאָג, האָט ער זיך צוגעשפּרייזט צו א קאַרוסעליע, וואָס איז אין פּאַרק געגאַנגען און באַשלאָסען זיך אַביסעל דורכצופאָרען.

ער האָט גענומען זיין רעקעל אויפ'ן אָרים, ארויף אויף א פערדעל און — היידאַ.

פּלוצלונג נאָר אומשולדיגערהייט, איז זיך אויסגעוואַקסען מאַקס'עם פרוי מיט זיין אינגעלע — געקומען גלאַט אַזוי זיך א קוק טאָן אין פּאַרק.

— הערשעלע, זעסט ? — האָט די מוטער אנגעוויזען אויף מאַקס'ן, וואָס איז אויפ'ן פערדעל געזעסען, — דער מאַן קוקט אוים פונקט ווי דער פּאַפּאַ...

— פּאַפּאַ, — האָט הערשעלע גענומען רופען, ניט הערענ־דיג מער די מוטערס רייד.

מאַקס איז אַראָפּגעקראָכען פון פערדעל, אַביסעל ווי פאַר־שעמט און צוגעקומען.

— משוגע'נער, איך האָב דאָך גאָר ניט געגלויבט, אַז דו ביזט עס ! — האָט אים זיין ווייבעל אנגעקוקט פאַרוואונדערט.

— ווי קומסטו אַהער ?

— איך האב אליין אויך ניט געגלויבט, — האט ער איר נאאיוו געענטפערט, און ווען זיי האבען זיך אוועקגעזעצט, האט ער איר גענומען דערציילען דעם גאנצען אמת.

זי האט אים אנגעקוקט מיט אזא מיטגעפיל, מיט אזא ליבע און גענומען זיך טוליען צו אים, ווי א מאמע טוליעט זיך צו איר אומבאהאלפען קינד.

# די פאַרצוויי פעלטע.

די גאַנצע צייט, זינט חייקע איז אין אַמעריקאַ, האָט זי נאָך קיינמאָל, כמעט קיין איין טאָג, ניט אויפגעהערט בענקען נאָך דער אַלטער היים, וואו זי האָט איבערגעלאָזען איר בלי־ענדע יוגענט און אירע שענסטע אידעאַלען, וועלכע זיינען דאָ אין דער מדינה פון „הו־הא“ אַזוי צו־נישט געוואָרען.

חייקע איז געקומען פון פיעטריקאָוו, אַ רוסיש פּוילישע שטאָט.

אין דער אַלטער היים האָט חייקע באַלאַנגט צו אַ רעוואָ־לוציאָנערע אָרגאַניזאַציאָן, וואו זי האָט אַ טיכטיגען אַנטייל גענומען, אַזוי לאַנג ביז פּאָליטישע אומשטענדען האָבען גע־צוואונגען איר און זי האָט זיך געמוזט אָפּגעזעגענען מיט אירע טייערסטע און נאָענסטע פריינט און פאַמיליע און אַוועקגע־פאָרען.

דערמאָנט זיך חייקע אימער דאָס היימישע שטעטעל, די פריינט און חברים; תמיד שטייען פאַר אירע אויגען בילדער פון די אַמאָליגע, היימישע צייטען.

אָפטמאָל, ווען זי זיצט אַליין אין איר צימער, נעמט זי זיך פאַרטראַכטען, דערמאָנען זיך די אַמאָליגע זומער־אָבענדען, און עס וואַקסען פאַר אירע אויגען אויס די שיינע גרינע אַלעע, פון ביידע זייטען די בוימער, און די בענק ביי וועלכע זי האָט דאָרט אָפטמאָל פאַרבראַכט ביז שפּעט מיט חברים און חבר׳טעס, וואו מען האָט גערעדט, געפאַנטאַזירט וועגען נייע גליקליכע צייט־טען, וועגען אַ צייט וואָס וועט קומען און גליקליך מאַכען די גאַנצע מענשהייט. און כאָטש דאָס לעבען אירס איז געוועזען אַזוי אָרים, דאָס זי האָט טעגליך, לאַנגע שטונדען, געהאָרעוועט ביי אַ זאָקען־מאַשין פאַר 2-4 רובל אַ וואָך, און דערצו נאָך די

שטענדיגע מורא פאר ארעסטירען, פאר טורמע אדער פארשי־קונג, דאך איז עפעס דאס לעבען אזוי זיס געווען, עס האט זיך געלעבט מיט א הייליגקייט, מיט א גאט אין הארצען... מען האט זיך געפילט ווי א רינגעל פון א גאנץ גרויסער קייט, וואס יעדער רינגעל באזונדער, איז אזוי ליב און טייער געווען...

און דא. אומשטיינס געזאגט, דעם גאט פון הארץ ארויס־געריסען און ארייגעזעצט א טייפעל... קיין הייליגקייט, קיין ליבע איינער פאר'ן צווייטען. און אויב עס איז יא דא ליבע פאראן, איז עס נאר אן עגאאיסטישע ליבע, פון א יונגען מאן צו א מיידעל, אדער פארקערט, פון א מיידעל צו א יונגען מאן...

און זי טראכט ווייטער — ווייטער איז דא אלעס גאר ניט מיט גאר ניט — אך, ווי קליינליך איז דא אלעס! רק מען טראכט נאר פון ארויפארבייטען זיך. „געלט און ביזנעס, געלט און ביזנעס..."

אך, גארקי, גארקי, — זיפצט זי אפ אין דער שטיל — דו האסט גוט געקענט אמעריקא, די שטאט פון געלען טייפעל...

און טרעפט זיך אמאל, אז זי קומט זיך וועו עס איז צו־זאמען מיט געזעלשאפט, מיט אלטע בעקאנטע פון דער היים, געוועזענע חברים. דאן טוט עס איר נאך מער וויי. עס דוכט זיך איר עפעס, ווי דאס לעבען וואלט א גרויסע צונג ארויסגע־שטעלט אויף איר טייערער פארגאנגענהייט. ווייל עפעס האט זיך איר געדוכט, אז אלע רעדען זיי וועגען דער אמאליגער צייט, פון דער היים, ווי מיט א טאן פון א שטיקעל חוזק...

— געדענקסט נאך, — דערמאנט איינער, — געדענקסט נאך יענעם שבת פארטאג, די פארזאמלונג אין סיליווער וואלד, וואו דער רעדנער איז געשטאנען אין א פאר צעדרייטע שיך און איז אן אפגעריבענעם רעקעל און זיין שטימע האט געדו־נערט באגייסטערט: „עס וועט ניט זיין קיין ארים און קיין רייך, אלע מענשען זיינען ברידער..."

— דער רעדנער, אַך, דער רעדנער — שמייכעלט אַ צוויי־טער — אָבער מיר? מיר זיינען דאָך אין די הימלען געפלויגען... נאַרישע צייטען געווען.

אַזעלכע, און ענליכע שפּאַסען, פּלעגט איר אויסקומען צו הערען, וואָס האָט איר טיפען ווײ פאַרשאַפט.

אַ לאַנגע צייט האָט זי זיך בשום אופן ניט געקאָנט צוגע־וועגען אַריינלעבען זיך אין דעם נייעם אָרט לעבען דאָ אין אַמעריקא.

זי האָט דערום געלעבט אין איינזאַמקייט. די מייסטע צייט האָט זי פאַרבראַכט אין לעזען ביכער, אָדער אין טראַכטען און בענקען, און דורך טראַכטען און בענקען איז זי צו פּעסי־מיסטישע פאַנטאַזיעס געקומען.

זי האָט זיך געמאַלען מיט שרעק איר צוקונפט: וואָס וועט דאָ ווערען פון איר? — האָט זי זיך געטראַכט — חתונה האָ־בען? נעמען אַ מאַן אַ „ברויט־געבער"? און ווערען דאָס, וואָס די מייסטע פרויען ווערען? אַ הויז־אידענע? קאָכען, ראַמען, ערציען קינדער און דאָס אַלעם?

אַ, ניין, ניין!

זי האָט באַשלאָסען צו לעבען פאַר זיך אַליין, ניט נאָכצו־געבען דער נאַרישער געזעלשאַפט.

זייט דאַן, האָט זי נאָר גענומען לייענען ביכער וועגען דער פרוי אין דער היינטיגער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג. און האָט זי ערגעץ געפונען אין אַ בוך, וואו דער שרייבער האָט זיך אויס־געדריקט אַז די פרוי אין דער היינטיגער פאַמיליע איז אַ שקלאַ־פין, האָט זי דעם שרייבער פשוט קושען געוואָלט...

און פון דאַמאָלט אַן איז וואו זי איז זיך צוזאַמענגעקומען מיט באַקאַנטע אָדער אומבאַקאַנטע, האָט זי נאָר גענומען דיס־קוטירען איבער דער הייראַט און פאַמיליען־לעבען, און זי האָט פייערדיג פאַרטיידיגט דאָס רעכט פון דער פרוי צו לעבען אַליין. אַבוואָל עס האָט ביי איר קיינער איר רעכט ניט צוגענומען...

עס האט איר אבער א געווויסען ווינקעל פון לעבען באַ־פרידיגט, וואס זי האט נאך עפעס צו זאגען, אזעלכעס וואס קיי־נער פון אירע אלע בעקאנטע קען איר מיט לאגיק ניט באזיגען.

וויפיל מענשען עס האבען ניט געזאלט זיין אין א הויז מיט איר און געפּרואווט פּאַרטיידיגען די הייראט, איז זי אבער דאך כמעט אימער ארוים די זיגערין...

אזוי זיינען זיך פארגאנגען טעג און וואכען, חדשים און יארען. הונדערטער מאל איז די זון אויף און אונטערגעגאנגען, און חייקע האט זיך געלעבט מיט אירע ביכער און מיט אירע טעאריעס.

אלע באקאנטע האבען איר שוין ניט אנדערש גערופען, נאר חייקע די הייליגע.

איינמאל אין א זונטאג, האט זיך חייקע ארויפגעכאפּט אויף א באזוך צו אירע א פּאר אלטע פריינט. א פאמיליע מיט'ן נאמען, די געטצעלס. דארט האט זי כמעט תמיד געטראפען באקאנטע.

אזוי זיצענדיג ארום דעם טיש, האט זיך ווידער, ווי געווענליך, אנטוויקעלט די אלטע דיסקוסיעס וועגען הייראט און פאמיליען לעבען. עס האט זיך דאמאלט אנטוויקעלט א שטאַר־קע דיסקוסיע, און חייקע האט געהאט א שווערען קאמף... עס האט עפּעס אויסגעוויזען ווי אלע וואלטען געווען אפגעשטימט אז מען מוז איר איין מאל פאר אלע מאל, באזיגען... אלע האַ־בען באוויזען ווי נאריש דאס איז צו זיין געגען הייראט, און אז אירע געדאנקען זיינען מער ניט ווי אלטע, אלטע ביכער־פראזען...

איינער האט זיך זאגאר אונטערגענומען צו באווייזען, אין א וועט, אז אפילו מאקס נארדוי, וואס האט אנגעשריבען „די ליגענס פון דער חתונה" האט אליין אויך חתונה געהאט...

נאר פלוצלונג האט גענומען דאס ווארט איינער, אירער גאר אן אומבאקאנטער, מיט'ן נאמען סעם, און גענומען איר

צד, און באַוויזען מיט שטאַרקע אַרגומענטען, אַז אַזעלכע שרייַ־בער זיינען טאַקע היפּאָקריטען... און הייראַט איז טאַקע אַן אומ־גליק פאַר אַ פרוי. אין דעם טאָג וואָס די פרוי באַשליסט זיך חתונה צו האָבען, ערקלערט זי זיך אַליין אַלס אייביגע שקלאַ־פין...

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס חייקע'ן איז אויסגעקומען צו הערען אין איר אַנוועזענהייט אַ מענש, וואָס שטייט אַזוי פעסט פאַר אירע אידעען, און איבערהויפּט נאָך אַ מאַן, און טאַקע אַ בחור אויך.

ביידע האָבען זיי זייט דאַן געזוכט אַ נאָענטערע באַקאַנט־שאַפט איינער מיט'ן צווייטען, און ס'האָט זיך זיי ליכט איינ־געגעבען אויך: צוויי מענשען וואָס פאַרטיידיגען איין אידעע, און ביידע זיינען זיי פריי און אין קיינעם ניט אָפּהענגיג, האָ־בען זיי זיך אָפטמאָל פאַרבראַכט צוזאַמען, גערעדט וועגען זייַ־ערע אַנשויאונגען און ניט געזוכט קיין געזעלשאַפט. די גע־זעלשאַפט איז אַ נאַרישע און פאַרשטייט ניט דאָס לעבען — האָבען זיי באַשלאָסען... היפּאָקריטען...

זיי האָבען זיך זייער ליב געקראָגען איינער דעם צווייטען פאַר זייערע גרויסע אידעען און וועלט־אַנשויאונגען. זיי האָ־בען זיך אַזוי ליב געהאַט, אַז עס וואָלט איינעם פון זיי ביידע זיכער געטריבען צו דער העכסטער פאַרצווייפלונג, ווען זיי זאָ־לען ניט געווען — חתונה האָבען...

# אברהם זילבערמאן.

אברהם זילבערמאן איז געווען א גרויסער אידעאליסט — איינער, וואס האט געלעבט אן איינזאם לעבען, צוריקגעצויגען פון פריינט און באקאנטע. זיינע איינציגע פריינט, מיט וועלכע ער האט יא פארבראכט אפטמאל ביז שפעט אין דער נאכט אין זיין קליינעם ארימען צימערל, זיינען געווען — זיינע ביכער.

ער האט זיך געלעבט אין א וועלטעל פון טרוימען. דאס מאטעריעלע לעבען האט ביי אים א קליינע ראליע געשפילט.

פארדריסליך און כמעט מיט פאראכטונג האט ער געקוקט אויף דער ארומיגער געזעלשאפט, וועלכע איז אזוי פארטאן אין עולם־הזה.

„א גראשענדיג וועלטעל", פלעגט ער שטיל פאר זיך זיפצען.

וועגען זיין אייגענער מאטעריעלער לאגע האט ער זיך וויי־ניג געקימערט: אויף דערויף זיינען די בעסטע עדות געווען זיי־נע קליידער: דער אפגעריבענער אנצוג, דער שווארצער אפגע־בליאקעוועטער קאפעלוש און די אפגעטראטענע שיך.

„אפשר געפעל איך נישט דער וועלט? די וועלט געפעלט מיר געווים ניט", האט ער זיך געהאט זיין ווערטעל.

אם מייסטען האט אים אבער פארדראסען אויף זיינע בא־קאנטע, וועלכע האבען געפירט ליבעם מיט מיידלאך, וועלכע האבען זיך געענדיגט געוועהנליך מיט חתונות.

פירען א ליבע, חתונה האבען, ווערען א בעל־הבית, האבען א ווייב, קינדער, א הויז מיט ווירטשאפט — מיט אזעלכע זא־כען קאנען זיך נאר אפגעבען מענשען, וואס האבען קיין גרויסע נשמות ניט.

„זיי האבען שוין דערגרייכט דאס העכסטע, וואס דער

מענש קאן אין לעבען דערגרייכען", האט ער זיך אפטמאל איראניש געוויצעלט איבער זיינע פארהייראטע באקאנטע.

האט זיך ווען עס אזי געמאכט, אז ער איז אריין צו א פארהייראטען באקאנטען אויף א בעזוך, האט זיך אים געדוכט, אז ער איז דאס געקומען אויף קבר אבות צו אן „אמאליגען".

* * *

עס איז געוועזען אין א פאר פסח, ערב פרילינג. א גרופע אינטעליגענטען האבען עפעס געמאכט א וועטשערינקע. זילבערמאן איז אויך געוועזען איינגעלאדען. ער מוז אונטער אלע אומשטענדען זיין אויף דעם אווענט. און ער האט אנגענומען די איינלאדונג. ערשטענס, איז עס געוועזען א קרייז פון אינטעליגענטע מענשען, צווייטענס, איז דער אווענט געמאכט געווארען צוליב א חבר'טע, וועלכע פארט אוועק קיין אמעריקא דורך פאליטישע אומשטענדען.

ער ווערט אויף א מאמענט ניט ווילענדיג אריינגעשלעפט אין מאטעריעלע זארגען: ער טראכט, אז ער וועט זיך מו..' בארגען ביי עמיצען אן אנצוג. נאר באלד פארטרייבט ער דעם געדאנק און וואונדערט זיך אליין, פון וואנען קומט צו אים צו טראכטען וועגען אזא נארישקייט. ער וועט גיין אזוי ווי ער איז, און זאל ער זיי ניט געפעלען.

און דאך האט ער געמאכט פארבארייטונגען:

ער איז אריין צו א פעלדשער און געלאזען זיך ראזירען און פריזירען, דערנאך געקויפט א פאפירענעם קראגען פאר דריי קאפיקעס. זיין דונקעל־בלויע בלוזע פארקנעפעלט פיין ביים האלז, ענג ארום דעם פאפירענעם קראגען. די צוויי טראלזען פון דער בלוזע אויסגעבונדען מעשה פייגעלע.

קומענדיג אויף דער וועטשערינקע, האט ער פון זיך אראפגעווארפען דעם קאפעלוש מיט'ן רעקעל און געזעצט זיך צום

טיש, אין דעם באוואוסטזיין, אז ער איז אן אויסגעפוצטער.

ביי דער צווייטער זייט טיש, גראד אנטקעגן אים, איז געזעסן זינא.

זילבערמאן האט זיך שוין געקענט מיט איר פון לאנג, אבער דעם אווענט האבן זיי ביידע געפילט א געוויסע גרע־בערע נאָנטקייט און ווארעמקייט איינס צום צווייטן, עפעס אזוי ווי צוויי, וואס האבן זיך געהאט פארלארן, האבן זיך ווידער געפונען. ער האט זיך געוואונדערט, וואס ער האט נאך קיינמאל ניט געשענקט קיין אויפמערקזאמקייט איר צארטען, שלאנקען שוואנען־העלזעל און איר טרוימערישען בליק. דוכט זיך, אזא פאר מיידעל־אויגען האט ער נאך קיינמאל אין לעבען ניט געזען; הײנט איר שמייכעל און אירע צארטע הענטלאך, וואס האבען ארומגעשפילט אויפ׳ן טישטוך. צופעליג האט ער דערפילט אויף זיין האנט די בארירונג פון אירע דינע פינגער. עס האט אים דאן אדורכגענומען אזא געפיל, אזא אנגענעמקייט, ווי שניי־ווייסע טויבען וואלטען זיך אויף זיין האנט געשטעלט און געלאשטשעט מיט זייערע ווייסע ווייכע פליגלען.

אויך זינא האט אנדערש געזען.

ער איז, דאכט זיך, גאר א שיינער, קרעפטיגער און ליי־בענסווירדיגער מאן. זיין שיינער פריזירטער שווארצער קאפ, זיין פרישׁ ראזירט געזיכט און דער קראגען, וואס האט זיך אפירגעווייסעלט פון אונטער זיין בלוזע, האבען אים ווירקליך א געוויסען חן צוגעגעבען. און מערקווירדיג — די צוגעלאזענ־קייט, וועלכע האט זיך אין אים קיינמאל נישט געמערקט!

עס האט זיך אנטוויקעלט צווישען זיי א געשפרעך, שטיל און לאנגזאם — זיי האבען כמעט ווי פארגעסען דעם גאנצען אווענט.

ארום ביים טיש האט מען גערעדט איבער פארשידענע געזעלשאפטליכע ענינים, צוביסלאך געגעסען, געטרונקען לכבוד דער אוועקפארענדיגער. מען האט געזונגען לידער, אבער זיל־

בערמאַן מיט זינא'ן זיינע געזעסן פאַרטיפט אין זייער געשפּרעך, ווי זיי וואָלטן געהאַט אַ סך צו דערציילן זיך.

און זילבערמאַן האָט דערביי געטראַכט, אַז ער האָט גאָר קיינמאָל ניט געוואוסט, אַז זינא איז אַזוי נאָנט צו זיין נשמה, זי איז די איינציגע, וועלכע פאַרשטייט אים. און איר וואָלט ער זיך געקאָנט פאַרליבען. נישט אום חתונה צו האָבען, נאָר אום צו ליבען, ליבען. און עס האָט אים שטאַרק געצויגען צו איר.

עס איז שוין געוועזען פאַרטאָג, ווען זיי האָבען באַשלאָסען ער זאָל זי אָפּפירען אַהיים. ער האָט געדאַרפט אָנטאָן צוריק זיין קאַפּעלוש און רעקעל, און יעצט האָבען זיי אים זשעניערט. ער איז זיך אויסגעקומען פאַרקלענערט און פאַר'מיאוס'ט. ער איז ווי אריינגעטריבען געוואָרען אין זיך און איז שטיל געוואָרען. אין דרויסען איז ער אַלץ געגאַנגען פאַר איר אָדער הינטער איר, אָבער נישט לעבען איר; ער האָט זיך אָפּגעהיט צו קוקען איר אין געזיכט.

זי האָט אים פאַרוואונדערט אָנגעקוקט, זי האָט אים עפּעס נישט דערקענט, ריכטיגער: זי האָט דערקענט דעם אַלטען זילבערמאַנ'ען, וועלכער איז איר פרעמד געוועזען, ווייל פון אים האָט געוועט מיט קעלט. יעצט האָט זי חרטה געקראָגען, וואָס זי האָט אים געבעטען, ער זאָל זי אָפּפירען אַהיים.

„ווייסט איר גאָר וואָס?" האָט זי אים געזאָגט, „איך וועט מיך צופירען בלויז ביז צום טראַמוויי".

ער האָט נישט געפרעגט, פאַרוואָס, ער האָט נישט פּראָטעסטירט. ער האָט געוואוסט, אַז אַזוי מוז עס זיין. אָבער עס האָט אים באַנג געטאָן.

ווען זיי האָבען זיך צעשיידט, איז ער נאָך לאַנג געשטאַנען און נאָכגעקוקט איר. עס איז אים געוועזען, ווי ער האָט עפּעס פאַרלאָרען. ער האָט אָפּגעזיפצט, שטיל אַרויסגעאָטעמט: „פע!" און איז שטיל אַוועק אַהיים...

# דאָס בריוו־קוישעל.

צווישען אַלע אַנטיקען, וואָס געפינען זיך ביי די הובער־מאַנס אין הויז איז דאָס טייערסטע, דאָס שעצבאַרסטע ביי זיי פון תמיד אַן געווען די בריוו־זאַמלונג פון פאַרשידענע פריינט און באַקאַנטע, וועלכע זיי האָבען אַנגעזאַמעלט פון יאָרען און יאָרען.

באַלד אויפ'ן צווייטען טאָג נאָך זייער חתונה האָבען זיי געקויפט אַזאַ ספּעציעל קוישעל, וואו זיי האָבען אַריינגעלייגט אַלע בריוו, וואָס זיי פלעגען באַקומען.

און בריוו פלעגען זיי באַקומען אַ סך און אָפט, כמעט פון אַלע וועלט־טיילען, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס מיסטער הור־בערמאַן איז געוועזען אַ פּשוט'ער פּרעסער ביי קינדער־הויזען. וואַרים וואו איר האָט ניט געזאָלט אַנכאַפּען אַ לאַנד אָדער עפּעס אַ לענדעל, אַ מדינה'לע, האָבען זיי דאָרטען געהאַט „עמי־צען" אָדער פון זיין זייט, אָדער פון איר זייט. זיי האָבען באַקומען בריוו פון פראַנקרייך, עסטרייך, אַמעריקא, דייטשלאַנד און אפילו פון דענעמאַרק, און פון דער קליינער שווייץ אויך; מען קאָן זאָגען, אַז ביי זיי אין דעם בריוו־קוישעל האָבען זיך אַלע לענדער פאַראייניגט... און די בריוו זיינען געווען ביי זיי אַן אוצר, אַ פאַרמעגענס, וואָס זיי וואָלטען ניט אַוועקגעגעבען פאַר קיין זאַך אין דער וועלט.

אַפּטמאָל, אין די אומעטיגסטע שטונדען, ווען אויפ'ן האַר־צען נעמט נאָגען אַ בענקשאַפט, אַליין ניט וויסענדיג נאָך וואָס, זיינען דאָס בעסטע מיטעל געגען איר די בריוו; מען זעצט זיך אַוועק ביים בריוו־קוישעל און מען לעזט בריוו נאָך בריוו, און עס דוכט זיך, אַז מען ווערט עפּעס אַריינגעצויגען אין ווייטע פאַרגעסענע וועלטען אַריין...

און ווער שמועסט נאָך, אַז עס קומט אַמאָל עמיץ אויף באַזוך, און עס ווערט לאַנגווייליג, ניטאָ פון וואָס צו רעדן, רוקט זיך דאָן מיסטער הובערמאַן אריין אין דער צווייטער שטוב און שלעפּט אַפיר פון אונטער׳ן בעט דאָס בריף־קוישעל און מיט אַ צופרידענהייט אויף זיין פּנים טוט ער דאָן אַ זאָג:

„נו, איצטער וועל איך אייך עפּעס ציינגען."

און מיט גדלות קערט ער אוים דאָס קוישעל אויפ׳ן טיש און קוקענדיג אַזוי בלויז נאָר אויף די פּאָסט־מאַרקען פון וועלכען לאַנד דער בריף איז אַרויסגעגאַנגען, נעמט ער באַלד דערציילען אַ געשיכטע פון אַ געוויסער פּערזאָן. און דערציילען פלעגט ער די געשיכטע אַזוי אינטערעסאַנט, אַז אייך פלעגט זיך פּשוט דוכטען, אַז פון דעם קליינעם קוישעל שלעפּט ער לעבעדיגע מענשען אַרוים, און איר זעט זיי מיט הענט און פיס, מיט לייב און לעבען, ווי זיי גייען און שטייען... אַזוי איבער יעדען בריף אַן אַנדערע געשיכטע, ביז עס ווערט שפּעט, און די באַזוכער גייען זיך פאַנאַנדער.

מ י ך האָבען די בריף און די געשיכטעס שטאַרק געצויגען אהין. איך פלעג צוליב דעם אָפּזיצען דאָרטען שטונדען־לאַנג. איינינגע פון די דאָזיגע „בריף־פאַרשוינען" האָבען זיך מיר אַזוי איינגעקריצט אין מוח, אַז איך קאָן זיי קיינמאָל ניט פאַרגעסען.

ביי אַ בריף, אויף וועלכען עס איז געווען אָנגעקלעפּט אַ דייטשע פּאָסט־מאַרקע, האָט ער מיר דערציילט אַזאַ מעשה: דער בריף איז פון איינעם אַ היימישען רעוואָלוציאָנער. זיין נאָמען איז בנימין (איך געדענק נאָך אפילו די נעמען). האָט ער, בנימין, הייסט דאָס, געהאַט אין דער היים אַ געליבטע, אַ איידישע טאָכטער (אויך אַ רעוואָלוציאָנערקע) פון פרומע אידישע עלטערן. און אַזוי ווי מאַכען אַ חתונה, שטעלען אַ חופּה איז געווען געגען די פּרינציפּען פון בנימין און פון זיין געליבטער, צו קאָנסערוואַטיוו, צו רעאַקציאָנער, האָבען זיי זיך פאַרשאַפּט

א צייגנים פון א קו, מיט דעם שטעמפעל פון רוסישען „אדלער“, און זיינען זיך אוועקגעפארען מיט דעם פאפיר קיין דייטשלאנד, באזעצט זיך אין א קליינעם פראווינץ־שטעטעל און איינגעמאל־דען זיך טאקע אלס מאן און פרוי און אפגענארט דאס דייטשע געזעץ מיט 5 קינדער...

ביי א צווייטען בריף האט ער מיר דערציילט א מעשה פון איינעם א חיים לייבוש — חיים לייבוש איז געוועזען אז ס'ס'אוויעץ און האט געהאט א שווארץ בערדעל, נאר אזוי ווי ער האט זיך ניט געקאנט פראלעטאריזירען, דאס הייסט ווערען אן אמת'ער ארבייטער אין א מעכאנישער פאבריק, האט ער זיך אראפגעכאפט דאס בערדעל און אנטלאפען אזש קיין פאריז, וואו ער איז געווארען א היטעל־מאכער און א קעמפער פאר דער אומאפהענגיגקייט פון פוילען...

ביי א דריטען בריף ווידער האט ער מיר דערציילט א מעשה פון איינעם מיט'ן נאמען יענקעל צדוק, וועלכער איז גע־וועזען אין דער היים אן אנארכיסט. די רוסישע רעגירונג האט אים געזאלט פארשיקען קיין סיביר, איז ער אנטלאפען קיין אמעריקא. איצט לעבט ער זיך צופרידען טאקע דא אין שטע־טעל פעטערסאן, וואו גאט האט אים געהאלפען צו ווערען א זייד־פאבריקאנט און א פרעזידענט אין א שול...

אט אזעלכע און ענליכע געשיכטעס פלעגט מיר מיסטער הובערמאן תמיד דערציילען מיט ליבע איבערוואוארפענדיג און איבערקוקענדיג זיין בריף־זאמלונג.

איינמאל אין א ווינטער־זונטאג, ווען אין דרויסען האט געוואיעט און געברומט א שטארקער ווינט, און עס איז געפא־לען א געדיכטער שניי, און אין גאס גיין איז כמעט געווען אומ־מעגליך, און אין שטוב זיצען איז געווען זייער אומעטיג, הויב איך זיך אויף, און צי אויף זיך ארויף מיין מאנטעל, און גיי מיר אוועק צו די הובערמאנס צו פארברייינגען דארטען אביסעל.

ארײנקומענדיג אין שטוב, האב איך באמערקט, אז עפעס

איז דאָ פאַרגעקומען: ער, מיסטער הובערמאַן, ליגט אויף דער זאַפּע און רעדט קיין וואָרט ניט, אַלע ווײַלע רײַסט זיך נאָך אַרוים פון זײַן ברוסט אַ שטילער זיפץ. און זי זיצט ביים טיש, ביידע הענט אונטערגעשפּאַרט אונטער איר גאָמבע און די אויגען האַלב פאַרוויינט.

איך בין געבליבען אייניגע מינוטען שטיין אין פאַרלעגענהייט. ענדליך האָב איך גענומען פריינדליך פאַרשען, וואָס האָ איז פאַרגעקומען און דאָן האָט מיר די מרס. הובערמאַן דערציילט, אַז נעכטען, אַזוי זיצענדיג איבער'ן בריף־קוישעל, האָט זי געפונען אַ בריף פון מיסטער הובערמאַנס אַ געליבטער, מיט וועלכער ער האָט זיך דורכגעשריבען אין געהיים און דורך אַ צופאַל איז דער בריף פאַרבלאָנדזשעט געוואָרען פון מאַנס בוזים־קעשענע אין קוישעל אַרײַן. און דערפון האָט אויסגעבראָכען צווישען זיי אַ קריג און אין אויפרעגונג האָט זי אַ כאַפּ געטאָן דאָס קוישעל מיט אַלע בריף און אַריינגעוואָרפען אין אויווען אַרײַן — אוים בריף.

ווען זי האָט געענדיגט דערציילען, האָבען צוויי טרערען, גרויסע ווי די אַרבעס, זיך גענומען קייקלען איבער אירע צאַרטע בעקעלאַך.

# עלענד.

די גאנצע צייט, וואס הערשעל בערגמאן איז אין אמע־ריקא, געפינט ער זיך איינזאם און עלענד און תמיד דערמאנט ער זיך אן זיינע פארגאנגענע יארען, וועלכע ער האט צוזייט און צושפרייט איבער שבעה ימים.

פון זיין פרי־יוגענט אן האט בערגמאן זיין היימאט פאר־לאזען און געהאלטען אין איין ארומוואנדערען איבער דער גרוי־סער און ברייטער וועלט.

ווען ער האט זיין היימאט פארלאזען, איז ער נאך כמעט א אינגעל געווען. אינגאנצען נאר א יאהר זיבעצען.

שוין דאמאלט איז ער געווען א פאליטיש־פארפאלגטער, און אזוי ווי פאטער און מוטער האבען זייער מורא געהאט, אז מען זאל זיי זייער איינציגען קינד ניט צונעמען און פארשיקען ערגעץ אין טורמע, אדער, ווער וויים, אפשר גאר אין סיביר. האבען זיי אלע מאל איינגע׳טענה׳ט מיט אים, ער זאל אוועק־פארען ערגעץ אין דער וועלט אריין, וואו מען מעג זיך ארומ־טראגען מיט אלערליי געדאנקען אין קאפ, וואס מען וויל נאר אליין...

— הערשעל, הערשעל, וואס וועט דער סוף זיין? — פלעגט זיך דער טאטע א סך מאל בעטען מיט שרעק און מיט פארצווייפלונג. און די מאמע פלעגט זיצען מיט פארלייגטע הענט און קוקען מיט טיפען צער און וויטאג און בעטען:

— קינד מיינס, איך וועל די בעטגעוואנט פארקויפען און פאר, פאר ערגעץ. איך שרעק זיך אזוי איבער דיר, הערשעל...

אזוי לאנג, ביז הערשעל האט רחמנות געקראגען אויף זיין ליבע טאטע־מאמע און צוגעשטימט. און איינמאל, אין א

כמאַרנעם אַסיען־טאַג, האָט ער זיך אין געהיים מיט זיינע נאָ־ענטע אָפּגעזעגענט און זיין היים פאַרלאָזען.

הערשעל געדענקט נאָך יענעם טאָג ווי היינט. אַלעם גע־דענקט ער: עס איז אַ כמאַרנער אַסיען־טאָג געווען. אין דרוי־סען האָט גערעגענט און גרויסע טראָפּענס האָבען זיך אויף די שויבען פון זייער שטוב געקייקעלט, און דער ווינט האָט אַזוי טרויעריג געוויינט און געברומט, אַזוי אַז אַ סך מאָל דוכט זיך אים, אַז ער הערט עס נאָך היינט... עפּעס אַזוי ווי יענער טאָג וואָלט זיך אים אין זיין הארץ איינגעגעסען...

ער געדענקט נאָך ווי היינט, ווי די מאַמע זיינע האָט זיך מיט אים געזעגענט: זי האָט אים אַרומגענומען און געקושט, געקושט... געוויינט האָט זי גאָרניט... ניין, גאָרניט געוויינט... נאָר עפּעס האָבען אירע לעצטע ווערטער אַזוי מאָדנע טרויעריג געקלונגען ווי אָפּגעריסענע תפילות...

— הערשעל, פאַרגעס ניט, — האָט זי זיך געבעטען, פאַר־געס ניט אַז דיין אידישע טאַטע־מאַמע, וועט דער גאָט אומע־טום, אין דער וויי טער וועלט, העלפען! — כאָטש זי האָט גוט געוואוסט אַז ער גלויבט שוין לאַנג ניט אין גאָט...

ער דערמאָנט זיך, ווי דער טאַטע זיינער איז מיטגעפאָרען מיט אים ביז נאָענט גרענעץ, און ווען זיי האָבען זיך צושיידט, איז דער טאַטע נאָך אַלץ געבליבען שטיין און לאַנג, לאַנג נאָכ־געקוקט, ווי ער, הערשעל, האָט שוין געוואַנדערט אויף „יענער זייט" מיט זיין קליינעם וואַנדער־פּעקעלע אין האַנט, וואָס די מאַמע האָט אים מיטגעגעבען. פאָטער און זון האָבען זיך אַלע ווײַלע אומגעקוקט, אַזוי לאַנג ביז דאָס אויג האָט דאָס לעצטע פּינטעלע פאַרלאָרען...

זייט דאַמאָלט זיינען שוין אַוועק יאָרען. פאַרשידענעס האָט שוין הערשעל דורכגעמאַכט. געוואַנדערט דאָ און דאָר־טען, געהאַנדעלט, געוואַנדעלט, געאַרבייט ביי פאַרשידענע אַר־בייטען, געבראָכען זיין צונג אויף פאַרשידענע לשונות, אַזוי לאַנג

ביז ער האָט זיך דערשלאָגן צו א שיפקאַרטע און געקומען קיין אמעריקאַ.

אין אמעריקאַ איז שוין הערשעל א צייט. שוין א שענע פּאָר יאָר זיינען פאַרלאָפן זינט ער האָט קאָלאָמבוסעס ערד איבערגעטראָטען. דאָך, האָט ער זיך נאָך ביז היינט ניט צו־געפּאַסט צום אַרומיגען לעבען. אדרבא: וואָס מער חדשים און יאָרען עס גייען אוועק, אַלץ מער זעט ער זיך איינזאַם און עלענד.

ווען הערשעל האָט אַרומגעוואַנדערט אין די אייראָפּעאישע לענדער, איז ווי שלעכט עס האָט אים אַמאָל ניט געזאָלט זיין, האָט ער נאָך אַלץ איין טרוים פאַרמאָגט, איין טרוים וואָס האָט נאָך אימער געבליט אין זיין האַרץ און מיט וועלכען ער האָט זיך אַרומגעטראָגען. און דאָס איז געווען — אמעריקאַ. וועגען אמעריקאַ האָט ער זיך פאַרשיידענע און גליקליכע פאַנטאַזיעס אויסגעוועבט, מיט וועלכע ער האָט זיין עלענדע נשמה געקוויקט.

איצט, טראַכט ער, ווען ער דאַך שוין קיין אמעריקאַ ניט פאָרען... און דאָ, דוכט זיך אים, האָט ער אַלע זיינע טרוימען פאַרלאָרען... און ניט נאָר טרוימען, נאָר אפילו קיין בענקשאַפט נאָך ערגעץ האָט ער שוין אויך ניט...

פּרואווט ער זיך פאָרשטעלען זיין אמאָליגע היים, דערמאָנט ער זיך באַלד, אז קיינעם האָט ער ניט מער דאָרטען. לאַנג שוין אז טאַטע־מאַמע דרעמלען אויפ'ן שטעטעלשען „הייליגען אָרט".

און פריינט, די פריינט פון זיין יוגענט, זיינען זיך צופאָ־רען איבער לענדער און ים'ען, און אויב ער וואָלט נאָך אפילו באַגעגענט עמיצען פון זיינע אמאָליגע יוגענט־חברים, זיינען זיי שוין איצט אודאי אנדערע מענשען, מיט אנדערע אידעאַלען. ווען וואָלטען זיי איצט אינטערעסירט? — טראַכט ער.

וואַכט פאַר אים אויף אין געדאַנק זיין היימישע שטעטעל, נעמט ער זיך עס איצט מאָלען שוין גאַנץ אַנדערש: אנדערע

הייזער, אנדערע גאַסען, אַפילו די שטיינער, וואָס ער האָט אַמאָל אַזוי גוט געקענט. זיינען איצט שוין גאַנץ אַנדערע...

טרעפט אַ סך מאָל, אַז הערשעל זיצט זיך אין די שפּעטע אָוונטען, וואַכזאַם אין זיין איינזאַמען צימער און בענקט, בענקט נאָך אַ פריינד, אַ נאָענטען פריינט, מיט וועמען ער זאָל קאָנען טיילען זיינע האַרציגסטע טרוימען, די טרוימען פון זיין עלענדע נשמה. און אַזוי בענקענדיג, ווערט ער זיך אַ מידער אַנדרימעלט ביי זיין טישעל, דעם קאָפּ אָנגעלענט אויף זיינע הענט, און אַזוי דרעמלענדיג, חלומ'ט ער זיך אָפּ חלומות פון פריינט, פון יוגענט און ליבע, ביז אַ שטיק אין דער טיפער שטילער נאַכט אַריין...

# עס טרעפט זיך...

עס זיינען פאראן מענשען וואס אויסערליך מאכען זיי אן איינדרוק, אז זיי זיינען פרייע מענשען מיט פראגרעסיווע אי־דייען. דאך איז עס נאר אויסערליך, און אז מען באקאנט זיך נענטער מיט זיי, זיינען זיי גאנץ קליינבירגערליכע מענשעלאך מיט קליינליכע נשמות.

פאראן ווידער מענשען, וואס זיינען פארקערט, אזוי, אוי־סערליך מאכען זיי אן איינדרוק, אז זיי זיינען קליינבירגערליך, קאנסערוואטיוו. דאך אינערליך, אין דער טיפעניש פון דער נשמה זיינען זיי פראגרעסיוו, מענשען מיט פרייע אידייען.

עס איז אמת, אז די לעצטע טרעפט מען נים אזוי אפט. נאר דאך, זיינען אזעלכענע פאראן.

און אט וועגען אזא איינעם וויל איך אייך טאקע א גע־שיכטע דערציילען, מען האט אים גערופען ליבערמאן.

אמאל, מיט יארען צוריק, איז ליבערמאן געוועזען א מענש מיט פרייער און ברייטער וועלט־אנשויאונג; היינט איז ער א צוריק־געצויגענער אין אלעם, און ווער עס קען אים נים, קאן זיך דוכטען, אז דאס שטייט פאר אים א פשוט קאנסערוואטיוו מענשעל. אין אמת׳ן אבער, ווען איר זאלט קאנען עפענען די טירלעך פון זיין נשמה, וואלט איר זען א פרייהייטס ליבענדען מענשען מיט פרייע אידייען און איבערצייגונגען.

פאר וואס ליבערמאן באהאלט זיין אמת׳ע נשמה, איז דא א גאנצע געשיכטע צו דערציילען.

מיט א צייט צוריק, אז איר פלעגט אמאל ארייגקומען צו ליבערמאנ׳ען אין הויז, האט אלעם ארום געמאכט אויף אייך אן אינטעליגענטנעם פראגרעסיווען איינדרוק. די ווענט זיינען גע־ווען באהאנגען מיט פארשידענע בילדער פון בארימטע קעמפער

און פריגייסטער און מיט בילדער, וואָס האָבן פאַרגעשטעלט פאַרשידענע פרייהייטס־אידייען. פון דער מזרח־וואַנט האָט ארויסגעקוקט אַ גרויסער שראַנק מיט ביכער, און די גאָלדענע ביכער־אויפשריפטען האָבן געוועקט אין זיך סימפּאַטי און אכ־טונג... ביים טיש ארום פלעגט מען כמעט תמיד, אין די פרייע צייטען, טרעפען זיצען פריינט, באַקאַנטע, וואו מען פלעגט רייי־דען דיסקוטירען איבער פאַרשידענע געזעלשאַפטליכע און פּאָ־ליטישע פראגען. און ליבערמאַן מיט זיין שיינער ווייבעל האָבן אַלע מאָל אין די דיסקוסיאָנען דעם אַקטיווסטען אנטייל גע־נומען.

דאָס איז אבער אַלעס נאָר געוועזען אַמאָל.

היינט איז עס אַנדערש.

צורעדט איך זיך אַמאָל מיט אים, וועט ער אייך פון אַלעם אָפּלאכען. אַלעס איז גאָר ניט מיט גאָר ניט, פוסטע און נארישע זאכען געוועזען, עס טוט אים אפילו נאָך היינט באַנג, וואָס ער איז אַמאָל אַזוי נאַריש געוועזען...

די פריינט זיינע און באַקאַנטע פון אַמאָל האָט ער אויף אַ קלוגען אופן אַלע פאַריאָגט פון זיין הויז, און חבר'ט זיך נאָר מיט פשוט'ע אידען, מיט אידען פון אַ גאַנץ יאָר. און מען זאָגט אפילו, אז א סך מאָל כאַפּט ער זיך גאָר אויך אַריין אין אַ שול דאַוונען.

און דאָך טוט ער דאָס אַלעס, ניט ווייל ער איז געוואָרען אַזעלכער מיט זיין נשמה און איבערצייגונג, נאָר פשוט פון פאַר־צווייפלונג האָט עס אים געטריבען דערצו. עס איז אים אויס־געקומען פיל צו ליידען און צו קעמפען מיט זיך אַליין פאַר זיינע פרייהייטס־ליבענדע אידייען, וועלכע ער האָט תמיד אַזוי פאַרטיידיגט.

— אך, ווער האָט דאָס געקענט אַריבערטראָגען? — זיפצט ער אַפּטמאָל אין דער שטיל, ווען קיינער הערט ניט...

און טאַקע, ווער האָט דאָס געקאָנט אַריבערטראָגען?

שטעלט אייך פאר אזא געשיכטע:

כמעט יעדען מאל, ווען ליבערמאן פלעגט אהיים קומען א מידער פון דער ארבייט, פלעגט ער טרעפען אין הויז א חבר וואס איז געקומען פארבעטען די פרוי ליבערמאן, אלס חבר׳טע, אביסעל אויף א שפאציר אדער גאר אויף א פארוויילונג ערגעץ. און ער, ליבערמאן, זאל דערווייל זיצען אין דערהיים און זיך שפילען מיט׳ן קינד...

און אלס חבר האט ער דאך נעבעך גאר ניט געטארט האבען דאגעגען אפילו... עס פאסט דאך ניט צו זיין אזוי רעאקציאנער... שטעלט אייך פאר ווי ער האט געפילט... נאר איידער ארויסצוציינען, אז ער האט עפעס א פארגעפיל, האט ער נאך געמוזט מאכען א צופרידענע מינע, און געשוויגען און געליטען...

און מערקווירדיג, וואס מער ער האט געליטען און געשוויגען, אלץ אפטער האט עס פאסירט... דערהויפט פלעגט עס טאן איין חבר מיט׳ן נאמען פיליפ — פיליפ איז אפילו גאר ניט אויסען געוועזען... ער האט נאך גאר געמיינט דערמיט צו צייגען זיין גוטע חבר׳שאפט... דאך איז געגאנגען אזוי ווייט, אז ליבערמאן האט אנגעפאנגען ווערען גוט אייפערזיכטיג.

נאר וואס זאל ער נעבעך טאן? עס פאסט דאך ניט...

פלעגט ער זיצען א מידער און זיך שפילען מיט׳ן קינד, און מאכען פויסטען אין דער לופטען, ווען קיינער האט עס ניט געזען...

זיין לאגע איז געווארען א פארצווייפעלטע...

א סך מאל, ווען דאס קינד איז אנטשלאפען געווארען, און פון דרויסען האט דורך די פענסטער אריינגעקוקט די שטילע נאכט, פלעגט זיך ליבערמאן שפרייזען אין צימער אומגעדולדיג, נערוועז און אין זיין מח האט עס געהאמערט און געהאמערט...

פיל מאָל איז אים געקומען אויפ׳ן געדאַנק, אַז ניט אַנ־דערש ווי צווישען זיי איז עפּעס אַ ליבע...

נו יאַ, ער האָט דאָך איהר נשמה ניט אָפּגעקויפט...

אַמאָל פלעגט אים אַדורך אַ געדאַנק, אַז ער וועט אַמאָל אַ נעם טאָן פיליפ׳ן און אים אַ קנאַק ארונטערגעבען פון אַלע טרעפּען — וואָס איך בין עפּעס אַ לאַ יוצלח? — פלעגט ער זיך טראַכטען...

נאָר אַז זיי זיינען אָנגעקומען, האָט ער זיי נאָך באַגעגענט מיט אַ געמאַכטען שמייכעל און זיך אָוועקגעזעצט מיט זיי ביים טיש טיי טרינקען, און אין הארצען האָט ער געפילט, אַז ער גייט אויס...

גאַנצע טעג פלעגט ער שטיין ביי זיין ארבייט און טראַכ־טען: ווי געפינט מען עפּעס אַ וועג? עס האָט זיך אים אַנגע־הויבען בענקען נאָך אַ פּשוט׳ן באַלאַביטשען לעבען...

ער וועט נעמען ווערען צוביסלאך קאָנסערוואַטיוו... אַזוי אַרום וועט אים ניט אויסקומען צו זיין געגען זיינע פרייע אי־דייען אַנשויאונגען... ווייל דענקען האָט דאָך שוין אַ מענש רעכט אַזוי ווי ער וויל...

אַ גליקליכער האָט ער אויפגעשטראַלט ביי זיין נייע אידיי...

פון דאַמאָלס אַן האָט ער זיך גענומען איינציגווייז, איינ־ציגווייז צוריקציען פון זיינע גרויסע פרייהייטס־ליבענדע אי־דייען, ביז — ער איז געוואָרען דאָס וואָס ער איז...

נאָר פון דעסטוועגען, ווען איר זאָלט קאָנען עפּענען אַ טירעל און צוקומען צו זיין נשמה, וואָלט איר זען, אַז אין דער טיפעניש ליגען ביי אים באַגראָבען זיינע פרייהייטס־ליבענדע געדאַנקען מיט וועלכע ער לעבט און טרוימט, טרוימט און לעבט פונקט ווי אַמאָל, אַמאָל מיט יאָרען צוריק...

# שמואל׳יק.

שמואליק האט ער געהייסען.

איך האב אים באגעגענט דעם ערשטען מאל אין דער שטאט פ. אין א טורמע.

מען האט מיך יענעם טאג געבראכט צו פירען פאר ניט צו־שטעלען זיך צום פריזיוו.

עס איז געווען א כמארנער הערבסט־טאג. דער הימעל איז געוועזען פארוואלקענט. עס האט אז אז אויפהער גערעגענט און א הערבסטיגער ווינט האט געבלאזען פון די פעלדער, אזוי אז איך בין געווען דורכגענעצט און מיד פונ׳ם וועג. איך האב דעם גאנצען וועג רחמנות געהאט אויף מיין וועכטער, וואס מוז זיך נעבאך שלעפען אזא וועג אין אזא טאג, צוליב מיר.

ענדליך זיינען מיר צוגעקומען צו דער טורמע וואו ער האט מיך אריינגעפירט אין קאנצעלאריע. דער טורמע־נאטשאלניק האט מיך אויסגעפרעגט די „פיער קשיות", איבערגעקוקט די פאפירען, פון וואנען איך קום און וואו איך בין געווארען ארעס־טירט. ער האט מיך צוגעפירט צו אן אייזערנער טיר, וועלכע ער האט אויפגעריגעלט, מיך אהין אריינפארבעטען און פאר־ריגעלט הינטער מיר די טיר.

איך בין געבליבען שטיין ביי דער שוועל אייניגע מינו־טען, די הענט אריינגעשטעקט אין די טאשען פון מיין רעקעל. איך האב באטראכט פון ווייטענס א שטיקעל ארט אויף דער נארע, אפגעשאקעלט מיין קאפעלוש פונ׳ם וואסער און זיך אוועקגעזעצט.

— העי, האסט מיטגעבראכט אויף א נומער? — הער איך א שטימע אויף פויליש. און אלע זיינען געזעסען שטיל און געווארט אויף מיין ענטפער.

איך האָב באַטראַכט דעם חברה־מאַן. אַ הויכער, ריזיגער מאַן, אַ היטעל מיט אַ גרויסן לעדערנעם דאַשעק פון אונטער וועלכן עס האָט אַפּירגעקוקט אַ טייפליש פּנים.

— וואָס מיינט דאָס „פּאַר אַ נומער?“ — האָב איך געפרעגט, כאָטש איך האָב זיך אָנגעשטויסן, וואָס דאָס מיינט...

— אויף אַ פלאַש שנאַפּס, איינקויף־געלט, — ענטפערט מיר דערזעלבער, אויך אויף פּויליש.

— ניין, — זאָג איך, — איך האָב ניט. אפשר האָט איר וועגן עפּעס צום עסן? בין אַליין זייער הונגעריג. ניט געהאַט פּאַר וואָס צו קויפן אַ גאַנצן וועג.

ער האָט דערהערט, אַז איך „פּאַרהיקע“ זיך אין פּוילישן, האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן: יהודי?

— יאָ, — האָב איך געענטפערט.

— שלום עליכם! פון וואַנען קומסטו?

איך האָב אים דערציילט פון וואו און פון ווען.

זיין ווילדער בליק האָט זיך געביטן. זיינע אויגן האָבן געקוקט מילדער און ער האָט זיך געווענדעט צו די אַרומיגע, אָנגערופן איינינע מיט די נעמען, און צו וויסן געגעבן זיי, ווייטער אויף זייער פּוילישער שפּראַך, אַז טאָמער וועט מיך ווער שלעכט באַהאַנדלען, וועט יענער גע׳הרג׳עט ווערן.

* * *

די פּאָר שטונדען טאָג האָבן זיך אַדורכגעשלעפּט. אַלע אין דער קאַמער האָבן זיך אויסגעלייגט שלאָפן אויף די נאַרעס. דאָס קליינע לעמפּעל, וואָס האָט אויף דער וואַנט געהאָנגען, האָט געוואָרפן אומעטיג איבער׳ן קאַמער די מאַטגעלבע ליכט־שטראַלן. איך מיט שמואליק׳ן זיינען געזעסן אין אַ ווינקעל און געשמועסט. ער האָט מיר דערציילט פאַרשידענע מעשיות פון זיין טורמע־לעבן און פון זיין לעבן אין

אלגעמיין: די טורמעס זיינען שוין זיין היים געווארן. זיין שולע, אין וועלכער ער האט זיך אויסגעלערנט פויליש און רוסיש, ער האט אויך פיל געלעזן, באקאנט זיך מיט דער ליטעראטור. ער האט מיר אויך דערציילט וועגן זיין „פראפעסיע“, מיט וועלכער ער גיט זיך שוין אפ פון זיינע אינגעל־יארען אן, און פון פארשידענע געפארען, וואס ער האט אדורכגעמאכט. זיין מלאכה איז אים ניט מיאוס, אדרבה: ער פילט נאך צו איר א געוויסע ליבע, און האלט, אז גנב'ענען האט איבערהויפט געמעגט ווערן אריינגערעכנט צווישען די קונסטען... ער אליין טוט טאקע זיין מלאכה פאר ליבע צו דער קונסט. ווארים אויב אז ער וואלט זיך געוואלט פארזארגען, האט ער שוין לאנג געקאנט זיין א רייכער מאן, געננג געלט דורך זיינע הענט דורכגעלאזן... אז איך האב זיך צורעדט מיט אים וועגן ארבייט און ערליכקייט, האט ער א שמייכעל געטאן און מיר געענטפערט, אז דער ערליכסטער ארבייטער, זאגט ערגעץ א פילאזאף, איז א פערד...

צי בענקט ער נאך אימיצען?

ער האט ניט נאך וועמען צו בענקען. ער האט ניט וועמען ליב צו האבען, ער האט זיך אויפגעצויגען צווישען פרעמדע, זיין טאטע־מאמע געדענקט ער ניט. ער ווייס בלויז, וואס ער האט געהערט דערציילען אז זיי זיינען אמאל אין א פאגראם דער'הרג'עט געווארן.

אזוי האבען מיר זיך געשמועסט ביז דער דעזשורנע איז אריין און האט דאס לעמפעל פון וואנט ארונטערגענומען און מיר האבען זיך צולייגט שלאפען.

אין מיטען נאכט פאלט אים פלוצים איין, און נעמט מיך וועקען, און רוימט מיר איין א סוד, צי וואלט איך ניט געוואלט אנטלויפען, וועט ער פאר מיר אויפברעכען די גראטעס און העלפען מיר אריבערגיין דעם פלויט.

— און דער וועכטער? — האב איך אים געפרעגט.

— אַז איך וועל עס טאָן, וועט זיך דער וועכטער מאַכן ניט זעענדיק...

איך האָב אים געענטפערט, אַז איך וויל ניט נעמען אויף זיך אַזאַ ריזיקע, איבערהויפּט האָב איך קיין געלט ניט. וואו וועל איך לויפן? זאָל שוין זיין ווי עס איז. האָט ער זיך צוריק אַוועקגעלייגט שלאָפן.

אין עטליכע טעג אַרום האָט מען מיך אַרויסגענומען פון טורמע און אַוועקגעשיקט מיט׳ן עטאַפּ, און מיר האָבן זיך צע־שיידט.

פון דאַמאָלס אָן זיינען אַוועק עטליכע יאָר. איך האָב אים אין גאַנצן געהאַט פאַרגעסן.

איינמאָל, ווען איך האָב פאַרבראַכט אין דער שטאָט ב. האָב איך אין אַ פרייען טאָג, אַרומשפּאַצירט אין שטאָטישען גאָרטען, וואו איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק. אַקעגען איבער מיר איז געזעסן אַ מאַן מיט איין האַנט, אָנגעטאָן אין אַ העל־ווייסען קאַפּעלוש און אַ געקעסטעלטען אַנצוג פון שוואַרצע און ווייסע קראַטקעלאַך, פון וועלכען דער ליידיגער אַרבעל האָט זיך געוויגט אַהין און צוריק פונ׳ם ווינטעל. ער האָט אַלע ווייל אויפגעהויבען זיינע אויגען צו מיר און אַ בליק געטאָן, ווי ער וואָלט געוואָלט צוקומען מיך עפּעס וואָס צו פרעגן.

ווען איך האָב מיך אויפגעהויבען אַוועקצוגיין, האָט ער מיר שטאַרק נאָכגעקוקט.

— איר האָט מיך געוואָלט עפּעס פרעגן? — האָב איך אים געזאָגט.

— ניין, — האָט ער אַ שמייכעל געטאָן. — מיר דאַכט זיך בלויז, אַז איך האָב אייך ערגעץ־וואו געזען.

— עס איז זייער מעגליך, וואו?

ער געדענקט ניט, ער טראַכט טאַקע דאָס, נאָר ער קאָן זיך ניט דערמאָנען.

איך האָב אים אָנגעקוקט. ער איז מיר עפּעס יאָ באַקאַנט און עפּעס ניט באַקאַנט.

— ווי איז דען אייער נאָמען? מעג איך וויסן?

— מיין נאָמען איז וו... אַמאָל האָט מען מיך גערופן שמואליק, — האָט ער מיר געענטפערט קורץ.

איך האָב זיך געכאַפּט און דערמאָנט אים, וואו און ווען מיר האָבן זיך באַגעגנט.

ער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן, ווי ער וואָלט מירביידע הענט געוואָלט דערלאַנגען...

מיר האָבן זיך אָוועקגעזעצט און צעשמועסט. ער האָט מיר דערציילט וועגן זיין פאַרלוירענער האַנט.

ער איז געווען אין דער פּוילישער שטאָט נ... ער האָט געלעבט צווישן קריסטן און זיך ניט אויסגעגעבן פאַר אַ איד — נאָך זיין אויסקוק און נאָך זיין פּויליש רעדן וואָלט קיינער ניט געגלויבט, אַז ער איז אַ איד, — מיט אַמאָל דאַרף זיך מאַכן אין שטאָט אַ פּאָגראָם. ער איז מיטגעלאָפן אומעטום מיט די פּאָגראָמשטשיקעס גלייך ווי איינער פון זייער חברה... נאָר יעדעס מאָל האָט ער אָוועקגענאַרט ערגעץ איינעם אָדער צוויי, דערציילט זיי, אַז דאָ און דאָ געפינט זיך געלט, אָדער גלאַט אַ שיינע אידישע טאָכטער... און פאַרפירענדיג זיי ערגעץ אין אַ ווינקעל, האָט ער זיי דערשאָסן ווי די הינט... אַם מייסטן האָט ער עס געטאָן מיט די, ביי וועלכע ער האָט געזען בלוט־פלעקען...

מיט אַמאָל מאַכט זיך, אַז עטליכע פון „זיין חברה" זיינען אריין אין אַ אידיש הויז, וואו עס האָט זיך געפונען גראָד אַ אידישע זעלבסט־שוץ. ער איז געגאַנגען פון הינטער זיי מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט, און אין גרויסן טומעל, אין דער שי־סעריי פון ביידע זייטען, האָט ער געטאָן דאָס זייניגע, קיינער זאָל עס ניט באַמערקען... און פּלוצלונג איז געקומען צופליען אַ קויל פון דער זעלבסט־שוץ אין זיין האַנט אריין און האָט אים

דעם ביין דורכגעלעכערט. ער איז אָפּגעלעגן אַ צייט אין האָספּיטאַל, ביז ענדליך מען האָט געמוזט די האַנט אין גאַנצן אַרונטערנעמען.

ער האָט געענדיגט מיט אַ שמייכעל אויף זיינע ליפּן:

— געבענטשט זאָל זיין מיין האַנט, וואָס ליגט דאָרט ערגעץ וואו אין פּוילן.

ווען ער האָט געענדיגט, האָב איך אויפגעהויבן די אויגן און זיך אַרומגעקוקט. אין פּאַרק איז געווען שטיל, די צווייגן פון די ביימער האָבן נאָר געוויגט און געבוקט זיך, און מיר האָט זיך אויסגעדוכט, ווי אַלץ אַרום קניט און בוקט זיך אין אַ הייליגער תפילה...

# איינמאָל אין אַ פרי־מאָרגען.

אין אַ קריזיס־צייט. עס איז געוועזען אַ שיינער זומער־דיגער פרי־מאָרגען.

זינגער, אַ הויכער יונגערמאַן, מיט אַ בלייכען ביינערדיגען פנים, מיט קליינע שוואַרץ־געשאָרענע וואָנסעלאַך, איז געגאַנגען איבער די גאַסען פון שטאָט, זוכענדיג אַרבייט.

כאָטש ער האָט געוואוסט ביי זיך כמעט אויף זיכער, אַז ער וועט היינט אין ערגעץ קיין אַרבייט ניט געפינען, פונדעסט־וועגען איז ער זיך געגאַנגען גאַס איין, גאַס אויס, זוכענדיג פאַר־שידענע פעקטאָרים און פאַבריקען — זאָל ער כאָטש וויסען, אַז ער האָט עפּעס געטאָן. דאָס אַרבייט זוכען אַליין איז אויך שוין אַ שטיקעל אַרבייט... זאָל ער כאָטש וויסען, אַז ער האָט עפּעס אויפגעטאָן און איז ניט גלאַט געזעסען ליידיג אין דער היים, וואָס דאָס איז גאָר קיין פלאַן ניט...

אומעטום, וואו ער האָט געזען פון וויטען עפּעס אַ געביידע פון רויטע ציגעל און פון דער הויך אַ קוימען, דורך וועלכען עס האָט געוויקעלט אַ רויך אין דער לופטען, האָט ער גענומען שפּרייזען מיט שנעלע טריט צו דער געביידע צו. נאָר ווען ער איז צוגעקומען נאָענט, האָט עס ביי אים צוגענומען דעם אַפּעטיט אַריינצוגיין פרעגען אויף אַרבייט. עס האָט זיך אים גלייך פאָרגעשטעלט, אַז אָט זעט ער שוין דעם אַרבייט־געבער און ווי יענער טוט אַ זאָג קורץ און שאַרף: „מען דאַרף ניט קיינעם!“ איז נאָך וואָס דאַרף ער עס ערשט צוגיין און אָנקלינגען און הערען דעם ענטפער, וועלכען ער ווייסט שוין אויף אויסענווייניג? זאָל זיך אים דוכטען, אַז ער האָט עס שוין געטאָן און די צערעמאָניע איז שוין פאַראיבער...

אַט אַזוי האָט ער געמאַכט דיזעלבע קונץ ביי עטליכע פאַבריקען: זיך אָפּגעשטעלט פון דרויסען, באַטראַכט די ציגעל־רויטע מויער, די קליינע גרויע פענסטער, און גענומען פילאָזאָ־פירען, אַז עס לוינט זיך ניט אַריינצוגיין. פאַר זיינע אויגען האָט זיך אויסגעקריצט דאָס וואָרט אין דער לופטען: „מען דאַרף ניט קיינעם". דאָס האָט אים אויסגעקוקט ווי עפּעס אַ זייער העסליכע באַשעפעניש... און ער האָט זיך געלאָזען גייען וויטער. אויף איין פּלאַץ האָט ער שוין אפילו געהאַט אָנגע־קלונגען, און ווען מען האָט אים געעפענט די טיר, האָט ער זיך באַלד געכאַפּט מיט אַן אויסרייד: צי געפינט זיך ניט דאָ אין דער געביידע אַ געוויסע זאַקען־פאַבריק? און ווען מען האָט אים געענטפערט: „ניין", האָט זינגער אַ דריי געטאָן מיט דעם קאָפּ און אַ קוועטש געטאָן מיט דער צונג צווישען די ציין, ווי איינער וואונדערט זיך, וואָס ער קאָן ניט געפינען... און זיך שטאָלץ אַוועקגעגאַנגען.

שפּרייזענדיג אַזוי דורך די גאַסען און פילאָזאָפירענדיג מיט זיך אַליין, איז אים געקומען אַ געדאַנק אין קאָפּ אַריין, אַז דאָס אַרבייטער־וועלטעל איז אַ פּאַסקודנע וועלטעל.

פוי, דאָס גיין זוכען און קלאַפּען אין די טירען! און ער האָט זיך איצט געוואונדערט אויף זיך, ווי אַזוי איז ער אַלע מאָל געוועזען שטאָלץ ביי זיך אויף דעם, וואָס ער איז אַן אַר־בייטער און מאַכט אַ לעבען פון אַרבייט... און ער דערמאָנט זיך איצט, אַז ער האָט ערגעץ אַמאָל געלעזען וועגען באַסיאַקעס. צווישען וועלכע עס געפינען זיך אַזעלכע, וואָס גרויסען זיך דערמיט, וואָס זיי האָבען נאָך קיינמאָל ניט געאַרבייט, און עס גנב'עט זיך ערשט איצט אַריין אַ צווייפעל אין זיין מח, ווע־מענס לעבען עס איז אַ שענערער: צי יענעמס, וואָס קאָן זיך דערהויבען צו זיין פריי, ניט צו קימערען זיך וועגען אַ נאָרמאַ־לען בעל־הבית'ישען לעבען, נאָר וואַנדערען איבער דער וועלט אָן קיינעם ניט אָפּהענגיג, צי דער וואָס לעבט נאָרמאַל שקלאַ־

פיש אין דער געזעלשאפט און עס גייט אים תמיד נאך דער מארגענדיגער טאג?... און ער באשליסט, אז ווען עס וואלט שוין ניט געווען צו שפעט פאר אים, ווען ער וואלט שוין איצט נישט געווען פאראנטווארטליך פאר נאך פינף מענשען, פאר א פרוי מיט פיר קינדער, וואלט ער איצטער געוואוסט, וואס ער האט צו טאן.

פלוצלונג, אזוי טראכטענדיג, זעט ער, ווי עס באווייזט זיך פון אן עק גאס דער שטאטישער היצעל. ער האט זיך איינגע־קוקט אין דעם פארמאכטען וואגען, וואס קוקט אוים ווי א גרוי־סער שטייג און דערזען, אז עס ליגען שוין דארטען צוויי גע־פאנגענע הינט. איינער, א ברוינער, קוקט אומרואיג אין אלע זייטען און שפרינגט מיט א הינטישען געשריי איבער'ן וואגען אהין און צוריק, און דער צווייטער, א שווארצער מיט געקרויז־טע האר, ליגט אויסגעצויגען אויף אלע פיר, דעם קאפ צווישען די לאפעס און שווייגט, ווי איינער זאגט: פארפאלען, איך בין אין דרינען, ניטא וואס צו שרייען...

זינגער ווערט נייגעריג. ער האט נאך קיינמאל ניט געזען, ווי אזוי די הינט ווערען דא געכאפט אין אמעריקא. ער לאזט זיך נאכגיין דעם וואגען. ער שפרייזט מיט שנעלע טריט אויפ'ן טראטואר און מאכט זיך אוועקקוקען, עס זאל ניט אימיצער מערקען, וואס ער האט דא אין זינען מיט זיין גיין...

אהא, אט באווייזט זיך פון ווייטען א הונט. זינגער'ס הארץ פאנגט אן צו קלאפען... ער זעט, ווי די צוויי בעל־מלאכות קריכען ארונטער פון וואגען. איינער איז א קליינער, א מיטעל־יאריגער, מיט רויטע האר און טראגט א רעגירונגס־צייכען אין זיין לאץ — דאס איז מסתמא א גרויסער קענער — טראכט ער. און דער צווייטער א הויכער און מיט שפיציגע העלע וואנסען, וואס קוקט אוים ווי א פאליאק.

ער קוקט נייגעריג, ווי זיי האבען זיך אפגעשטעלט מיט

זייער וואַגן און ווי כיטרע זיי נעמען זיך אויסשטעלן מיט די כלים.

אַט, אַט... אַ, ווי עס צופּט אים אַ רחמנות אויף דעם הונט, נעבעך. אַבער אַז דעם הונט איז געלונגען אַריבערצו־שפּרינגען די „שיטש" און צו אַנטלויפן, האָט ער שיער ניט אויסגעשאַסן מיט אַ גרויס געלעכטער פון פרייד...

ווען די צוויי בעל מלאכות זיינען נעבעך אַרויף אויפ'ן וואַ־גן צוריק, מיט גאַרנישט, האָט ער עפּעס פּלוצלונג רחמנות גע־קראָגן אויף זיי, און עס איז אים איינגעפאַלן, אַז ווען עס זאָל זיי אַזוי גיין, קאָנען זיי נאָך די שטעלן זייערע פאַרלירען...

ער שפּרייזט ווייטער נאָך דעם וואַגן. עס ליגט אים שוין ניט אַזוי אין זינען דאָס כאַפּען פון די הינט, ווי די מלאכה פון הינט־כאַפּען... ס'אַ מיאוסע מלאכה, טראַכט ער, און זיין גע־דאַנקען נעמט אַרבייטען. ער שטעלט זיך פאַר פאַרשידענע בילדער ווענגען די צוויי מענשען, וואָס זיצען אויפ'ן וואַגן. ער טראַכט: אַמאָל זיינען זיי געווען קליינע קינדער, זיי האָבען זיך זאַרגלאָז געשפּילט, געהאַט ערגעץ וואו אַ טאַטע־מאַמע, וואָס האָבען פון זייערע קינדערס צוקונפט געטרוימט, ווער ווייס, וואָס זייערע טרוימען זיינען געווען?... און איצט זיינען זיי גרויס, מענשען געוואָרען, מענשען, וואָס יאָגען זיך אַרום אין די גאַ־סען נאָך הינט... מיאוס ברויט.

ווען ער איז שוין געווען הינטער דער שטאָט, אַזוי נאָכ־שפּרייזענדיג נאָכ'ן וואַגן, האָט ער באַמערקט, אַז צוויי פון זיינע נאָענטע פריינט קומען אים אַנטקעגען.

ער האָט גענומען שפּרייזען מיט שנעלע טריט צו זיי אַקעגען און, מורא האָבענדיג, אַז זיי זאָלען זיך ניט עפּעס כאַפּען, ווי אַזוי ער איז אַהער פאַרקראָכען, האָט ער זיי אַ פרעג גע־טאָן, צי זיי ווילען ניט מיטגיין מיט אים צו דער פאַבריק, וואָס געפינט זיך הינטער דער שטאָט. ער האָט געהערט, אַז מען קען דאָרטען קריגען אַרבייט.

„קום צוריק. מיר גייען ערשט פון דארטען, ס'איז אומ־זיסט דאס קריכען אהינצו". און אלע דריי צוזאמען האבען זיך געלאזען צוריקגייין אין שטאט אריין.

# ליבקע.

פון קינדהייט אָן האָט לייבקע געהאַט אַ מאָדנע ליבע צו פערד: פאַר אַ פערד וואָלט ער אוועקגעגעבן אַלע זיינע קינדערשע זאַכען, אפילו זיין רבי'ן מיט'ן חדר אויך... און לייבקע האָט געטרוימט, אַז ווי נאָר ער וועט ווערען אַ גרויסער און וועט האָבען דאָס ערשטע געלט, קויפט ער זיך אַ פערד.

לייבקעס טאַטע אָבער איז געווען אַ מין איד, וואָס כאָטש ער אַליין איז געווען אַ בעל־עגלה, האָט ער זיך אָבער דאָך ווי פאַרשוואוירען, אַז זיין זון לייבקע זאָל מיט קיין פערד ניט האָבען צו טאָן. ער זאָל אפילו וויסען וואָס, מוז זיין זון זיין אַ לערנער.

פלעגט לייבקע נעבאָך זיצען אין חדר און טרוימען פון פערד, און לייבקעס טאַטע ווידער, פלעגט זיצען אויפ'ן וואָגען. מיט דער בייטש אין האַנט, און טרוימען פון זיין זונ'ס לומדות...

אַזוי ווי דאָס לעבען אָבער איז שטאַרקער פון אַלע פאַנטאַזיעס, זיינען ביידענס טרוימען, אי לייבקעס, אי זיין טאַטענס, ניט פאַרווירקליכט געוואָרען... לייבקע איז גאָר געוואָרען אַ שוסטער, און טעג און וואָכען, מאָנאַטען און יאָרען, געזעסען אויף זיין שוסטער־בענקעלע, געקלאַפט שטיפטען און געצויגען דראַטוועס.

אַט אַזוי זיינען זיך אוועק יאָרען. לייבקע איז פון אַ אינגעל אַ מאַן געוואָרען און געבליבען אַ שוסטער.

אָך, ווי ער האָט דאָס געהאַסט זיין שוסטער־לעבען; אים האָט זיך צייטענווייז אויסגעדוכט, אַז דאָס גאַנצע לעבען, די גאַנצע וועלט, איז אַן אייביגקייט פון דראַטוועס און פון שטיפטען... נאָר ער האָט זיך נעבאָך גאָר ניט געקאָנט העלפען. ער וועט דאָך ניט גלאַט אַזוי פלוצלונג אוועקוואַרפען דעם האַמער

פון האַנט... פאַרפאַלען! — פלעגט לייבקע זיפצען, אַזוי רי־רענד, אַז עס האָט זיך געדוכט, אַז די ווענט פון שטוב זיפצען מיט אים מיט...

ווער ווייס ווי לאַנג לייבקע וואָלט נאָך אַזוי געזיפצט אין זיין שטיבעל, אויב ער וואָלט זיך נישט דערוואוסט, אַז זיינער אַ באַקאַנטער איז אַוועק קיין אַמעריקאַ — אויך אַ שוסטער, און שרייבט גאָלדענע בריוו...

פון דאַמאָלס אָן האָט זיך לייבקע געגומען אין קאָפּ אריין אַמעריקאַ. אַמעריקאַ האָט אויסגעפילט אַלע ווינקעלאַך פון זיין נשמה. בייטאָג און ביינאַכט האָט ער גע'חלומ'ט פון אַמערי־קאַ — בייטאָג וואַכענדיגערהייט אויף זיין אָרימען שוסטער־בענקעל, און ביינאַכט, אין שלאָף אויף זיין אָרימען בעטעל. פיל מאָל האָט ער זיך געזען אין דער פאַנטאַזיע אין אַ גרויסער, רוי־שיגער גאַס, ערגעץ אין דער ווייטער אומבאַקאַנטער שטאָט ניו־יאָרק, אַנגעטאָן אין זייער רייכע קליידער אַלס געשעפטסמאַן... אויס שטיפטען, אויס דראַטווועס!... זיין נאָמען קלינגט צווישען באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע... און וואָס איז דען פאַר אַ וואונ־דער, אַז נדבות גיט ער אַזוי פרייגעביג און אַזוי פיל, ווי עס האָט נאָך קיינער ביז איצט ניט געגעבען...

ער, וואָס פאַר אַ גליקליכער שמייכעל פלעגט זיך אונטער זיינע ברונעטע וואָנסעלאַך צעלייגען ביי די דאָזיגע פאַנטאַזיעס און חלומות...

ווי אַזוי אָבער זיינע פאַנטאַזיעס צו פאַרווירקליכען, האָט לייבקע ניט געוואוסט. וואָלט ער נאָך געוועזען איין מענש אַליין, מילאַ, וואָלט ער זיך שוין ווי עס איז, אַן עצה געגעבען. איז ער אָבער שוין מיט אַ ווייב און מיט עפּעס מער ווי מיט איין קינד... איז עס ניט אַזוי לייכט...

דאָך, האָט אָבער לייבקע זיינע טרוימען ניט אויפגעגעבען: און אַזוי טרוימענדיג האָט זיך אים איינמאָל צוגעשפּילט אַ גליק־ליכער צופאַל: עפּעס זיין ווייבס אַ נאָענטער קרוב איז גע־

שטאַרבען און איבערגעלאָזען איר אַ שטיקעל ירושה פון אַ קנאַ־פען הונדערטער. באַלד נאָך דער דאָזיגער געשיכטע האָט זיך לייבקע גענומען דורכריידען מיט זיין ווייב און גענומען איר מאָלען הערליכע פאַנטאַזיעס, אַמעריקאַנער גליקען, אַזוי אַז ער האָט זי אַנגעשטעקט מיט זיינע חלומות און זי האָט אים גע־האָלפען מיטצוטרוימען מיט'ן גאַנצען פייער פון איר פראָסטער נשמה...

עס האָט לאַנג ניט גענומען און אין אַ שיינעם, העלען טאָג, האָבען זיי פאַרקויפט דאָס ביסעל זאַכען פון זייער שטוב, גענומען דאָס פעקעל אויף די פלייצעס און, היידא אין וועג אריין.

אין דער נייער מדינה איז לייבקע נאָך אַ לאַנגע צייט גע־זעסען אויפ'ן שוסטער־בענקעלע און פונקט ווי אין דער אַלטער היים געצויגען די דראַטווע און געקנאַקט מיט'ן האַמער אין די פאַדעשוועס אריין... און דערביי פלעגט ער טראַכטען פון זיינע חלומות, וועלכע ער האָט גע'חלומ'ט אויף יענער זייט ים...

ניין, ניט אַזאַ אַמעריקאַ האָט ער זיך פאַרגעשטעלט... ניט דאָס האָט ער געמיינט... און טיף אין הארצען האָט זיך אים זאַ־גאַר, טיילוויי, אויפגעוועקט אַ בענקעניש אַזאַ, אין וועלכער ער האָט זיך מורא געהאַט מודה צו זיין פאַר זיך אַליין... און דאָס איז אַ בענקעניש צוריקצופאָרען נאָך פוילען... אין אַזאַ מאָמענט פלעגט ער קנאַקען מיט'ן האַמער שנעל, שנעל און זינ־גען הויך אויפ'ן קול עפּעס אַ ליד, כדי ער זאָל פאַרגעסען פון וואָס ער טראַכט...

מיט אַמאָל אָבער, אַזוי טראַכטענדיג, איז אים איינגעפאַ־לען אַן אידעע: עס איז אים געקראָכען אין געדאַנקען אריין אַ פערד. דאָס הייסט, ער האָט אָנגעהויבען טראַכטען וועגען קוי־פען זיך עפּעס אַ פערדעל, פון וועלכען ער זאָל קאָנען מאַכען אַ לעבען. — אוועק מיט דער שוסטעריי! — ס'איז אַמעריקאַ. מען דאַרף פּרואוועז געשעפט! לייבקע וועט אין אַמעריקאַ קיין

שוסטער ניט בלייבען... און האט ער זיך גענומען אין געדאנק אריין א פערד, האט מען עס שוין מיט קיין בייטשען ניט גע־קאנט ארויסטרייבען... זיינע קינדער־טרוימען זיינען פשוט ביי אים תחית המתים אויפגעשטאנען...

ער האט זיך געמאכט אזא רעכענונג:

וואס דארף ער זיצען און הארעווען? ער וועט האבען א פערדעל, וועט ארומפארען מיט גרינצייג, צי מיט עפעס וואס עס איז, וועט ער אויך מאכען א לעבען. עס לעבען דאך גענוג מענשען אין אמעריקא פון פערד.

ער האט זיך וועגען זיין נייעם פלאן ווידער גענומען דורכ־רעדען מיט זיין ווייבעל, און דערוויזען איר, אז פון דער אר־בייט קען מען צו גאר ניט קומען, און דער איינציגער וועג איז זיך צו עפעס צו נעמען; ער האט איר דערוויזען, אז מיט א פערד וועט ער קאנען מאכען גוטע געשעפטען — ביזנעס.

---

אז לייבקע האט שוין געהאט א פערד מיט א וועגעלע, איז ער גאר געווען א גליקליכער. עפעס האט ער דערזען א נייע וועלט ארום זיך... ער האט זיך פשוט דערפילט, ווי זיינע קינ־דער־טרוימען זיינען מיט אמאל פארווירקליכט געווארען... אמת, ס'איז די ערשטע צייטען ניט געגאנגען אזוי גלענצענד מיט'ן געשעפט, דערפאר אבער, האט ער געהאפט, אז שפעטער וועט עס זיך איינארבייטען — אין אמעריקא טוען געשעפטען זיך איינארבייטען...

דערפאר אבער, נשמה'דיג, איז לייבקע געווען צופרידען באלד פון דעם ערשטען טאג אן. א סך מאל איז זיך לייבקע אויפגעשטאנען אין מיטען דער נאכט. ארוים אין שטאלעכעל, א קוק געגעבען צום פערד, געגעבען אים א טרונק, ארומגעפירט מיט דער האנט אין האבער, צי עס איז דא גענוג און ד. גל.

אַלע אין דערפֿרי, איידער ער האָט דאָס פֿערדעל איינגע־שפּאַנט אין וואָגן, איז ער זיך אָפּגעשטאַנען אין שטעלעכעל אַ שטיק צייט, געלאָסטשעט, געגלעט דאָס פֿערד ביי דער מאָר־דע און הנאה געהאַט פֿון דעם וואַרימען אָטעם, וואָס טראָגט זיך פֿון די צוויי ברייטע פֿערדישע נאָזלעכער... און אַזוי ווי דאָס פֿערד איז געווען אַ העל־ברוינער קאָליר, האָט ער אים גערופֿן „קאַשטאַן".

— העי, קאַשטאַן, מיין טייערער קאַשטאַן, — האָט ער מיט אַ הנאה אים לאָסטשענד געפּאַטשט אויפֿ'ן הינטען.

עס קאָן זיין, אַז עס וואָלט אפשר טאַקע אוועק לייבקען, מיט דער צייט, ניש־קשה'דיג, ווען ער קומט ניט אַרויס איינמאָל אין אַ פֿרימאָרגען אין שטעלעכעל און טרעפֿט ניט דעם „קאַש־טאַן" עפּעס לאַ־עליכם'דיג...

אָנפֿאַנג האָט לייבקע אפילו געמיינט, אַז ס'איז גאָר ניט. אָט ליגט זיך דער קאַשטאַן אַביסעל, ס'איז דאָך אַ פֿערד... נאָר ווען ער האָט אַ רוף געטאָן „העי, קאַשטאַן, שטיי אויף!" האָט דער קאַשטאַן עפּעס אַ מאָך געטאָן מיט'ן קאָפּ, ווי ער וואָלט עפּעס וואָס געזאָגט אויף זיין פֿערדישען לשון, און איז זיך ווייטער געבליבען ליגען ווי ניט אים מיינט מען...

לייבקע האָט זיך אַראָפּגעבויגען, געגלעט ווי תמיד, ביי דער מאָרדע, געפּאַטשט לאַסטשענד אויפ'ן קאַרק, אויפ'ן רוקען: „שטיי אויף, קאַשטאַן!" אָבער — אַ נעכטיגער טאָג. דאָס פֿערד האָט ווידער בלויז אַ מאָך געטאָן מיט'ן קאָפּ.

לייבקע איז געוואָרען פֿאַרצווייפֿעלט, געלאָפֿען נאָך באַ־קאַנטע אידען, וואָס זיינען מבינים אין הלכות פֿערד. עס איז געוואָרען באַלד היימליך אינ'ם הויף און אין שטאָל: איינער האָט געקוקט דעם קאַשטאַן אין די אויגען אַריין, אַ צווייטער, אין פּיסק אַריין, און אַנדערע האָבען גלאַט געגעבען פֿאַרשידענע עצות.

עס איז געבליבען, אַז מען מוז רופֿען אַ פֿערד־דאָקטאָר.

ווען דער דאָקטאָר איז געקומען, האָט ער נאָך אַ לאַנגע אונטערזוכונג אַ מאָל געטאָן מיט'ן האַנט און געגעבן אַ קורצען ענטפער, אַז עס איז ניטאָ וואָס צו טאָן... עס וועט לאַנג ניט דערציען...

אין עטליכע שטונדען אַרום האָט מאַקע דער קאַשטאַן נע־באָך אויסגעצויגען זיינע העל־ברוינע פיס און פאַרוואַרפען מיט'ן קאָפּ...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אויף צו־מאָרגענס, ווען דער שטאָטישער היצעל איז געקור־מען און אַרויסגעשלעפּט דאָס טויטע פערד פון הויף, איז זיך לייבקע געשטאַנען אין אַ ווינקעל און שטילערהייט געגאָסען מיט ביטערע טרערען. אים האָט זיך בשעת מעשה געדוכט, ווי דער היצעל פירט דאָס אַוועק זיינע אַלטע, אַמאָליגע יוגענט־חלומות פון זיין ליבער, ליבער קינדהייט...

און פון דאַמאָלס אָן זיצט זיך לייבקע ווייטער אויף זיין שוסטער־בענקעל, פאַרקאַטשעט די אַרבעל, און כאָטש זיין שטערען איז שוין טיף אָנגעקנייטשט און פון זיין ברונעטען קאָפּ האָר זילבערען זיך שוין אַ היבש ביסעל „קברים־בלומען“, דאָך קנאַקט ער מיט'ן האַמער ביז אין היינטיגען טאָג...

## פּאַפּי.

דאָס איז געווען אַ קליין, שוואַרץ הינטעל מיט שניי־ווייסע פלעקען אויף די פיס און מיט אַ סאַמעט־שוואַרצען, נאַסען נעזעל.

איינמאָל איז אַ ווינטערדיגען פרימאָרגען, ווען דער געוועזענער דיכטער אבנר, וואָס איז איצטער אַן אָנגעזעענער געשעפטסמאַן, איז צוגעקומען צו דער טיר פון זיין הויז, איז דאָס הינטעל געשטאַנען האַלב פאַרפראָרען, ניט טויט און ניט לעבעדיג, און עפּעס געבעטען, אויף זיין הינטישען קול'כעל. ער איז אין גאַנצען דאַמאָלט אַלט געווען עטליכע טעג און פון ערגעץ זיך פאַרבלאָנדזשעט.

אבנר האָט שטאַרק רחמנות געקראָגען אויף דעם אָרימען באַשעפעניש'על און האָט עס אַריינגענומען צו זיך, אויסגעזוכט עפּעס אַ קעסטעל, אין וועלכען ער האָט אַריינגעלייגט זיינעם אַן אַלטען בגד, געמאַכט אַ געלעגער און דעם הינטעל אַ נאָמען געגעבען — פּאַפּי.

די ערשטע צייטען האָט אבנר פּאַפּי'ן זייער ליב געהאַט. אַזוי אַז ער האָט זיך כמעט געטיילט מיט אים מיט'ן ביסען פון מויל. ער האָט אים אַלע טאָג געוואַשען און אָפּגעהיט, ווי אַ גוטער בעל־הבית.

שפּעטער אָבער, אַז פּאַפּי איז אַ ביסעל אונטערגעוואַקסען, האָט אבנר חרטה געקראָגען אויף זיין הינטישער חבר'שאַפט: דאָ איז געקומען אַ פּאָליסמאַן נאָך אַן אָפּצאָלונג פאַר דעם הונט, דאָ איז געקומען אַ שכן און האָט אים צעווייסען געטאָן, אַז עס איז אַ „זי" און אַז אין אַ צייט אַרום וועט זי האָבען קליינע. און עס האָט אים שוין באַנג געטאָן דער גאַנצער עסק.

— האָסטו געזען וואָס אַ מענש קאָן זיך אַליין אָפּטאָן?

וואס טוט מען? ווי אזוי ווערט מען פון אים איצט פטור? ער האט אים שוין פילמאל געפרואווט פארפירען ערגעץ ווייט אין א ,הינטער־גאס און נאכהער זיך קונציג אוועקגענארט. ווי נאר אבער ער איז אהיימגעקומען איז אים פאפי אקעגענגעלאפען און געשפרונגען הין און צוריק, ווי ער וואלט ניט געוואוסט וואס צו טאן פאר פרייד. עפעס אזוי ווי פאפי וואלט געווען גליקליך, וואס זיין בעל־הבית האט געפונען דעם וועג אויף צוריק אהיים...

האט זיך אבנר אמאל פארטראכט וועגען פארפירען אים ערגעץ ווייט אין א פרעמדער שטאט אריין און אים איבערלאזען. האט אים דער געדאנק קיין רו ניט געגעבען: פארט א לעבעדיג נפש. צו וועלכען ער האט שוין געפילט א שטיקעל ליבע, און אים האט זיך גענומען פארשטעלען, ווי פאפי שטייט ערגעץ אויף א גאס אין דער פרעמדער שטאט, א הונגעריגער, ניט ארומגעוואשען און וויינט זיין הינטיש געוויין און אין זיין הינטישען מוח טראכט ער פון אים, פון זיין בעל־הבית.

מאכט זיך אבער אזא מין צופאל:

צוויי באקאנטע פאעטען האבען זיך ארומגעטראגען מיט א פלאן ארויסצוגעבען א פאעטישען זשורנאל, אזא זשורנאל, וואס זאל זיין א שיינקייט פאר דער וועלט. אלץ איז שוין געווען ביי זיי פארטיג. דאס איינציגע, וואס עס האט נאר געפעלט איז געווען — געלט. האבען זיי זיך ארומגעטראגען מיט פלענער, וואו צו שאפען דאס געלט.

איינמאל, אזוי זיצענדיג אין ליטערארישען קאפע־הויז ביי צוויי הייסע גלעזער קאפע, וואו ארום זיי האט זיך געוויקעלט און געשלענגעלט דער פאפיראסען־רויך, איז זיי ארויף אויפ'ן געדאנקען דער אנגעזעענער געשעפטסמאן, דער אמאליגער דיכטער אבנר.

— ווייסט, וואס מיר איז איינגעפאלען? — רופט זיך אפ איינער צום צווייטען, — מען דארף צו־פארען צו אזא חברה־

מאַז, אפשר וועט עס געלינגען ארויסצוקריגען פון אים אַ היבשע פּותיקא פאַר אַזאַ צוועק ווי שאַפען אַ שיינעם, רייכען זשורנאַל.

— דו ביזט גערעכט, זאָל איך אַזוי לעבען! — רופט זיך אָפּ דער צווייטער, — ווער דען, אז ניט אַזאַ פאַרשוין, זאָל דערלאַנגען אַ העלפענדיגע האַנט? ס'אַ טייערער איינפאַל!

אויפ'ן צווייטען טאָג האָבען זיך ביידע באַוואוסטע פּאָע־טען שוין געפונען ביי אים אין דער היים און פאַרפירט מיט אים אַ שמועס וועגען דעם דאָזיגען ענין.

נאָך אַ לאַנגער קאָנפערענץ, צווישען אַלע דריי, איז גע־בליבען אַז עס איז זייער אַן ערהאַבענע אידעע, נאָר איצטער גראָד איז ער אין אַ שלעכטער לאַגע, וועט ער דערווייל געבען עטליכע דאָלער. אַזוי אָבער ווי אַזאַ זאַך דאַרף האָבען אַ סך געלט, האָט ער פאַר זיי אַ גוטע עצה:

— הערט זיך איין! — האָט ער אָנגעפאַנגען, — איר זעט דעם דאָזיגען הונט? איר זענט עפּעס מבינים אויף אַזאַ סחורה?... דאָס איז אַ הונט, וואָס איך האָב ערשט מיט אַ צוויי וואָכען צוריק באַצאָלט פאַר אים צוויי הונדערט דאָלאַר. ווערט איז ער פיל מער, דאָס איז אַ הונט אַ זעלטענהייט... טאָ ווייסט איר וואָס, איך גיב אייך אַוועק דעם הונט, פאַרקויפט אים ער־גענץ אין ניו־יאָרק, נאָר זוכט אָפּ דעם ריכטיגען מבין...

די צוויי דיכטער האָבען צוגענומען די עטליכע דאָלאַר מיט'ן הונט, הארציג זיך אָפּגעזעגענט און אַוועק פול פרייד און מיט האָפנונג...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

טעג און וואָכען האָבען זיך די צוויי באַקאַנטע פּאָעטען ארומגעשלעפּט דורך די נויאָרקער גאַסען מיט פּאָפּי'ן און ארומ־געזוכט דעם ריכטיגען סוחר, וואָס זאָל זיין דער ריכטיגער מבין... עס האָט לאַנג ניט גענומען און פּאָפּי האָט שוין געהאַט אויפגעגעסען די פּאָר דאָלאַר וואָס זיי האָבען געקראָגען, מיט נאָך עטליכע דאָלאַר פון זייער געלט, וואָס זיי האָבען געהאַט

ליגען פאר דעם זשורנאל, און פאפי האט אנגעפאנגען אונטער־צוהונגערען מיט זיינע צוויי נייע בעלי־הבתים אויף א פאעטי־שען שטייגער... ביז איינמאל, עס איז אים דערעסען געווארען דאס פאעטישע לעבען (פארט א הונט) האט ער זיך דערוואַרט אויף עפעס א געלעגענהייט און ארויסגעריסען זיך פון זייערע ליטעראַרישע הענט און גענומען לויפען מיט זיין גאנצען הינ־טישען כח.

די צוויי פאעטען האבען זיך גענומען יאגען נאך אים ווי די ווילדע. עס איז געווארען א געלויף, א געטומעל אין גאס, און אזוי יאגענדיג זיך, איז פאפי א דערשראקענער ארונטער אונ־טער א לויפענדען טראמוויי, וואו ער האט נעבאך אויסגעצווי־גען זיינע שניי־ווייסע געפלעקטע פיסלאך, צווישען די רעלסען.

# אַ מעשה מיט אַ קליינעם הינטעל.

אַ שיינער זומער־טאָג. אויפ'ן הימעל שווימען פאַרטראַכט קליינע, זילבער־בלויע וואָלקענדלאַך, די זון שיינט אויף די גאַסען, איבער באַרג און איבער טאָל און אַרום רויששט אַלץ מיט זומער־לעבען.

ווייט, הינטער'ן שטאָט, אין אַ הינטער־גאַס, שטייט אַ פירקאַנטיגער מויער. אינוויינייג קוקט ער אויס ווי אַ גאַנץ גרויסער קאַסטען. אין איין זייט אינ'ם הויף שטייט אַ רויטע געביידע מיט אַ הויכען קוימען, פון וועלכען עס שלענגעלט זיך כמעט תמיד אַ רויך אין דער לופטען — דאָרט ווערט דאָס שטאָטישע מיסט פאַרברענט. אין מיטען הויף שטייען עטליכע געזונטע גוים, אַרבייטער, אָנגעטאָן אין גרויע קליידער, וואָס קוקען אויס ווי נאַר וואָס אַרויסגעשלעפט פון אַש...

אויף דער אַנדערער זייט הויף שטייט נאָך עפּעס אַ געביידע וואָס דאָרטען פאַרנעמט זיך דער שטאָטישער היצעל מיט זיין אַרבייט.

עס איז אין מיטען טאָג. עס עפענט זיך דער טויער און דער היצעל קומט צופאָרען מיט זיין הונט־וואַגען. אינ'ם הויף ווערט לעבעדיגער. עס הערט זיך אַ געבילעריי פון הינט. קיינער פון די אַרבייטער קוקט זיך ניט אום. ווייזט אויס, שוין ביי זיי קיין נייעס ניט, אַ געוויינליכע אַלטעגליכע זאַך.

די צוויי הינט־כאַפּער קריכען אַרונטער פון וואַגען, שטעלען זיך אוועק און נעמען זיך פאַררויכערען זייערע פּיפּקעס און בלאָזענדיג דעם רויך פון זייערע מיילער און פון די נאָזלעכער קוקען זיי אויפ'ן וואַגען צופרידענע פון זייער געלונגענער אַרבייט... אַ גוטען פאַנג געהאַט...

באַלד נעמען זיי זיך עפּעס אָנטאָן מאָדנע הענטשקעס אויף

די הענט און זיי שטעלען זיך אוים מיט קליינע שפיזלאך ביים וואגען. איינער עפענט אויף א קליין טירעל פונ׳ם וואגען און דורך די גראטעס שטעכען זיי אלע ווילע אריין אזא שפיזעל אזוי אז דער הינט זאל ארויסלויפען פון דארט אין א צווייטען ארט, וואו ער ווערט געהאלטען א פאר טעג.

איינציגווייז שפרינגט אלע מאל ארוים אן אנדער הונט מיט א קוויטש.

באלד און דער וואגען „סחורה“ האט זיך שוין אויסגע־לײדיגט. איין הונט נאר איז געבליבען און באוויזען א מאדנע עקשנות: ביי יעדען שטאך וואס ער האט געקראגען, האט ער בלויז א בייזען בורטשע געטאן און אוועקגערוקט זיך אין אן אנ־דער ווינקעל, אוועקגעזעצט זיך און געקוקט מיט א פאראכטענ־דען בליק די צוויי חברה־לייט גלייך אין זייערע פנים׳ער אריין, און דערביי האט ער פארשטשירעט זיינע ווייסע שפיציגע צײ־נער.

אזוי האבען זיי זיך ארומגעיאגט מיט אים א שטיק צייט— זיי אויסענווייניג, ער אינווייניג — דער שווייס האט זיך גע־גאסען פון זייערע פנים׳ער. איינער האט געפרואווט ארויסנע־מען א רעוואלווער און אים געצייגט דורך די גראטעס. אבער, ווי ניט אים מיינט מען. ער האט בלויז אויפגעהויבען א לאפע און זיך א גלעט געטאן איבער׳ן קעפעל אזוי, אז עס האט זיך געקאנט אויסדרוקטען, אז אויף הינטיש לשון מיינט דאס: „נא, שים! וואס דארף איך ערשט שטארבען מיט א נארישען טויט?“...

מיט די ארבעל האבען זיי זיך גענומען ווישען דעם שווייס. זיי האבען זיך אפגעשטעלט. עפעס גערעדט צווישען זיך, און נאך עטליכע מאל פרובירט זייער געוויינליכע שטיק מיט די שפיזלאך. אבער דער הונט האט זיך ווייטער אלץ געטאן דאס זעלביגע: א בייזען בורטשע געטאן און — אין א צווייטען ווינ־קעל אוועק. און ווען איינער האט איצט אים נאך אמאל גע־

ציינט דעם רעוואָלווער דורך די גראַטעס, האָט ער אַ שפּרונג געטאָן מיט אַ ווילדער רציחה און געוואָלט אָנכאַפּן אים מיט די ציינער.

זיי האָבן זיך ווידער אָפּגעשטעלט און מיט שוויים באַגאָסענע פּנימ'ער האָבן זיי צווישן זיך עפּעס באַשטימט. באַלד האָט איינער ווידער לאַנגזאַם ארויסגענומען זיין רעוואָלווער און צילענדיג זיך עטליכע סעקונדען האָט ער אַ דריק געטאָן ביים הענטעל.

רואיג, שטיל, האָט זיך דער הונט אויסגעלייגט מיט'ן קאָפּ אויף אַ זייט און אויסגעצויגען אין בלוט זיינע פיס אינ'ם הינטישען וואָגען.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען זיי האָבן אים ארויסגעשלעפּט אַ טויטען, האָט זיך ס'בלוט געגאָסען פון זיין מויל און די ציינער זיינען געווען פארשטשירעט, דער פיסק אָפען אזוי אַז עס האָט זיך געדוכט, אַז דער הונט לאַכט מיט אַ הינטיש בלוטיגען געלעכטער...

און די צוויי חברה־לייט האָבן אים שלעפּענדיג „גע'מי־שבירד'ט" אויף פּויליש:

„זאָל זיי דער טייוועל כאַפּען, וואָס פאַר אַ הינט זיי האָבן דאָס דאָ אין דער אַמעריקע!..."

# אין אַ פּרי־מאָרגען

אַ זומערדיגער פּרי־מאָרגען. דורך די שויבען קוקט אריין די דרויסענדיגע פּרי־מאָרגען בלויקייט.

חנה, די זייד־וועבערקע, ליגט אויף איר בעטעל און שלאָפט. אירע שאָטין־געלאָקטע האָר כוואַליען זיך, צעלאָזען איבער׳ן קישען.

זי שלאָפט אַ מידע נאָך דעם נעכטיגען אָוענט, וואָס זי האָט פאַרבראַכט אויף אַ מיטינג ביז שפּעט אין דער נאַכט.

אין שטוב איז שטיל. נאָר היימי, איר מאַן, שפּרייזט אַרום מיט שטילע טריט, קוקט, דאָ אויפ׳ן גאַז־אויוועז ווי דער טשייניק זידט, דאָ קוקט ער אריין אין דער צווייטער שטוב וואו זיינע קינדער שלאָפען. ער כאַפּט אַ בליק אויף די קינדישע הענטלאַך, וואָס ליגען צעשפּרייט איבער׳ן בעטעל. און דאָ קוקט ער גאָר אַרויס אויפ׳ן הויף, אויף די וואַש־ליינס, קוקט ווי עס וויגט זיך אַ ביסעל וועש אין לופטען און מאַכט פאַרשידענע קונצען מיט דער הילף פון ווינט...

ער טוט אַ קוק אויפ׳ן זייגער און רופט:

— חנה, ס׳איז שפּעט! שטיי אויף, מיר וועלען פאַרשפּעטיגען.

זי עפענט אירע ברוינע אויגען און קוקט זיך אַרום.

— אַ, ווי שיין עס איז אין דרויסען — ענטפערט זי — און איך האָב אַזוי געשלאָפען און גע׳חלומ׳ט, ווי עס וואָלט ערשט אין מיטען נאַכט געווען.

זי שטייט אויף און נעמט זיך אָנטאָן. מיט רחמנות קוקט זי אויף אירע שלאָפענדיגע קינדער און זי שעפּטשעט: „מוזען נעבאך אליין אומגיין מיט זיך, ניטאָ קיין צייט פאַר זיי, דאָס

לעבען פּאַריאַנט, פּאַרהאַרעוועט פון פרי ביז נאַכט" און זי טוט א שטילען זיפץ.

פון דרויסען טראָגט זיך, אַלע ווײַלע, אַ פּײַפען אין דער לופטען אַזוי ווי דער נאַט פון קאַפּיטאַל וואַלט זיך צעוואַיעט. און זי אײַלט און יאָגט זיך אונטער: זי וואַשט זיך אַרום און ציט אויף זיך אַרויף איר בלוזקעלע. באַרוועס און מיט צעלאַזענע האָר שפּרײַזט זי שנעל, שנעל איבער די צימערלאַך און טוט אַפּ פאַרשידענע קליינע הויז־אַרבײַטען אויף דער געשווינד.

צולעצט שטעלט זי זיך אַוועק פאַר'ן שפּיגעל. אירע הענט פאַלען מידע אין מיטען קאַמען זיך. זי לאָזט אויף אַ ווײַלע אַרונטער די הענט און רעדט צו איר בלײַכען געשטאַלט פון שפּיגעל: ניטאָ קיין כחות, אַך, ווי דאָס לעבען פאַרגייט, טעג־נאַך־טעג, וואָכען, חדשים און יאָרען, פאַרוויקלען זיך אין דעם לעבען פון שקלאַפערײַ.

זי טוט אַ קוק אויפ'ן זייגער, ס'איז נאַך זיבען, זי וועט נאַך אויספּייען טײ טרינקען. זי הויבט אויף אירע הענט און נעמט ווײַטער קאַמען אירע האָר און אַזוי קאַמענדיג זיך, רופט זיך איר אַרויס אַ בילד פון איר יוגענט: זי דערמאַנט זיך פון איר אַלטער היים, ווען זי איז נאַך אַ יונגע מיידעל געווען, ווי איר מאַמע פלעגט זי צו דער אַרבייט וועקען, ווי זי פלעגט צוקומען צו איר בעטעל אויף די שפּיץ־פינגער און פלעגט זי גלעטען און צערטלען: חנה'לע, שטיי אויף, מײַן קינד. און עס נעמט זיך איר דוכטען, בשעת מעשה ווי איר מאַמע וואַלט פאַר איר ער־שינען און צערטעלט איר מיט פיל רחמנות און מיט איר אַלטער מוטער־ליבע.

זי גראָבט איין דאָס פּנים אין אירע הענט, פאַרמאַכט אויף אַ ווײַלע אירע אויגען און זי לאָזט זיך אַוועק אין אַ ווײַטען חלום און חלום'ט וואַכעדיגערהייט. עס ציען זיך פאַר איר פאַרבײ טעג און פאַרגאַנגענע יאָרען און עס דוכט זיך איר אויס

ווי עמיצער וואַלט זיך שטיל אין דער טיפעניש פון איר נשמה צעוויינט, קניענדיג פאר אַ בערגעל פון צעבראָכענע יוגענט־חלומות, חלומות פון אַמאָל...

# אוים „פאָטאָגראַפיסט"

יאָרען לאַנג איז לעאָן געווען אַן איינפּאַכער וועבער, אַ פּראָ־לעטאַריער מיט פּראָלעטאַריער צוגלייך. געמאַכט זיך אַ גאַנץ ניש־קשה'דיגען לעבען, פאַרדינט יעדע וואָך זיינע 10—12 דאָ־לאַר און געלעבט מיט לייטען גלייך, ווי אַלע וועבער.

מאַכט זיך איינמאָל אין אַ זונטאָג, גייט זיך מיין גוטער לעאָן אין דער גאַס אַזוי אויף אַ שפּאַציר און דאַרף אַנטרעפען זיינעם אַן אַלטען באַקאַנטען, שטייענדיג אין אַ ראָג מיט אַ קאַ־מערע און נעמט פאָטאָגראַפיעס צו 5 סענט אַ שטיק.

לעאָן האָט באַלד פאַרפירט מיט יענעם אַ געשפּרעך וועגען דעם דאָזיגען געשעפט, און יענער האָט אים ערקלערט, אַז ער מאַכט פון דעם אַ שיינע פּאָר דאָלאַר אַ וואָך און איז זייער צו־פרידען וואָס ער איז פּטור געוואָרען פון דער אַרבייט אין פאַב־ריק, ווייל ער פילט זיך אַן אייגענער בעל־הבית, אַ ביזנעס־מאַן, ווי מען זאָגט, און דערצו איז ער דאָך עפּעס שטענדיג אויף דער פרייער לופט.

אוועקגייענדיג פון יענעם, האָט לעאָן גענומען שפּרייזען מיט לאַנגזאַמע טריט דורך פאַרשידענע הינטער־געסלאַך, און אַזוי גייענדיג האָט ער זיך אַליין גענומען מאַכען פאַרווירפע, אַז ער נאַר אַליין איז קיין לייט ניט און טויג זיך צו גאָר ניט. וואָס איז — האָט ער אַליין מיט זיך אַזוי פילאָזאָפירט — קען איך מיר דען ניט קויפען אַזאַ מין קאַמערע און זיין דער זעלבער קינסטלער? ס'איז אַמעריקא, מען דאַרף זיך נאַר טויגען, דאַן איז מען אַלל־רייט... און מיט אַ פערטיגען פּלאַן האָט ער גע־נומען שפּרייזען אַהיים צו זיך אין שטוב אַריין.

אַהיים קומענדיג האָט לעאָן גענומען דערציילען דער ווייב זיינער, וואָס פאַר אַ גוטער געדאַנק אים איז היינט פּלוצלונג

איינגעפאלן און ווי אזוי ער שפעקולירט זיך ארויסצורייסן פון דער טרויעריגער ארבייט...

נאך א לאנגער קאנפערענץ מיט דער ווייב, איז געבליבן, אז אזוי ווי אזא קאמערע קאסט דאך ניט פיל, זאל ער, לען, טאקע קויפן אזא מין כלי, נאר וואס דען? די ארבייט זאל ער פארלויפיג ניט אויפגעבן. ער זאל דערווייל א גאנצע וואך ארבייטן ווי קיינמאל גאר ניט, און קיינעם ניט פארטרויען די געדאנקען מיט וועלכע ער טראגט זיך ארום... נאר יעדען שבת און זונטאג זאל ער זיך ארויסלאזן איבער'ן שטעטל מאכן בילדער, ביז ער וועט ווערן גוט אדורכגעקאכט אין די ביזנעס און דאן וועט מען שוין וויסן וואס עס איז דא צו טאן...

אויף דער צווייטער וואך, ווען לען איז אהיים געקומען מיט דער „פעי" האט ניט גענומען קיין צוויי שטונדען און אין הויז האט זיך שוין געפונען א קאמערע מיט אלע קליפערלאך.

פון דאמאלס אן איז לען שוין געווען א פראלעטאריער בלויז נאר אין די וואכען־טעג, און יעדען שבת און זונטאג א קליין בורזשוא, אן אייגענער בעל־הבית מיט אן אייגען־געשעפט אין האנט. א פרייער מענש...

יעדען שבת, ווי נאר ער איז אהיים געקומען פון דער אר־בייט, האט ער זיך באלד ארומגעוואשען, איבערגעטאן זיך אין זיינע יום־טוב קליידער, גענומען די קאמערע מיט דעם געשטעל אויף די פלייצעס און היידא — אוועק אין גאס אריין מאכן פאטאגראפיעס. מיט דער צייט, האט ער שוין דאס ניט געטאן אזוי צוליב פארדינסט ווי אויס ליבע צו דער קונסט. די פאט־טאגראפישע כלי, פאר וועלכער ער האט אין גאנצען באצאלט א פאר דאלער, האט אים א וועלט מיט טרוימען געשאפען, פאר וועלכע ער וואלט יעצט קיין טויזענטער ניט גענומען... טאג און נאכט פלעגט ער נאר טרוימען, פאנטאזירען צו וואס די פאטאג־גראפישע קונסט וועט אים נאך אמאל ברענגען...

אַפּטמאָל שטייענדיג ביי זיין אַרבייט פּלעגט זיך אים אויס־מאָלען אַזאַ מין צוקונפטס־בילד:

אין איינער פון די שענסטע גאַסען, אין אַ שיינעם רייכען הויז, פאַר דער טיר הענגען צוויי גלעזערנע קאַסטענס מיט פאַר־שידענע קינסטלעכע בילדער אין פיל־אַרטיגע פאַזען און אויף אַ גרויסער שילד מיט גרויסע גאָלדענע בוכשטאַבען איז אָנגע־שריבען:

„אַ ר ט י ס ט  ס ט ו ד י א — ל ע אַ ן."

און דאַמאָלט ווען די דאָזיגע געדאַנקען פּלעגען זיך אין זיין מח צושפּילען, פּלעגט זיך אויף זיין בלאַסען פּנים צוגיסען אַ צופרידענער און גליקליכער שמייכעל.

אָט מיט אַזעלכע געדאַנקען פּלעגט ער זיך אַרומטראָגען כמעט טאָג אויף טאָג און זעלטען ווען אַ נאַכט, אַז די זעלבע טאָג־פאַנטאַזיעס זאָלען זיך אים ניט פאַרוואַנדלען אין נאַכטליכע חלומות.

* * *

איינמאָל שטייט זיך מיין גוטער לעאָן אַזוי ביי דער אַרבייט און שפּינט זיך זיינע טעגליכע צוקינפטיגע טרוימען. דאָס מאָל איז ער געשטאַנען אַזוי פאַרטיפט אין זיינע פאַנטאַזיעס, אַז ער האָט זיך גאָר אפילו פאַרגעסען אַז ער שטייט דאָס איצט אין פאַבריק ביי די וועב־שטול. פּלוצלונג וואַקסט פאַר אים אויס דער פאַרמאַן און רופט אים אין אָפיס און אין איין־וועג זאָגט ער אים אויך, אַז ער זאָל מיטנעמען זיין ראָק און העט, ווייל עפּעס געפעלט ער אים די לעצטע צייטען אין גאַנצען ניט מיט זיין אַרבייט...

אין אייניגע מינוטען שפּעטער איז לעאָן שוין געשטאַנען אויף יענער זייט פאַבריק און באַטראַכט די גרויסע רויטע מויער מיט די קליינע מאַטע פענסטערלאַך, מיט וועלכע ער האָט זיך איצט געשידען.

מיט לאנגזאמע טריט און מיט ביטערע מחשבות האט לעאן איצט ווידער גענומען שפרייזען צו זיך אהיים אין שטוב אריין.

דערזעענדיג פלוצלונג אין מיטען טאג לעאן'ען, איז זיין ווייב געבליבען שטיין ווי צוטומעלט און קוים ארויסגעשטאמעלט: לעאן, וואס איז? א סטרייק עפעס, צו וואס? און לעאן האט א ר גענומען דערציילען וואס עס איז פארגעקומען...

— איך האב אבער געוואוסט, אז דער־סוף וועט אזוי זיין. א מענש האקט זיך מיט איין מאל אין קאפ אריין, ווערען א פאטאגראפיסט!

זיין ווייבס ווערטער האבען אים אזוי אויפגעבראכט, אז זיי האבען זיךביידע גענומען קריגען און א ווארט פאר א ווארט, האט ער א כאפ געטאן די קאמערע און א זעץ געטאן אין דער ערד און צעבראכען אויף שטיקלאך.

א לאנגע צייט דערנאך, איז לעאן געבליבען שטיין מיט טרויעריגע בליקען און מיט א פארביטערטע הארץ געקוקט און אים האט זיך געדוכט, אז זיינע ליבע פאנטאזיעס וואלגערען זיך איצט אין אלע ווינקעלאך פון שטוב...

און פון דאמאלס אן האט ער זיך ווי פארשווארען, אז עס זאל אפילו קומען איינער מיט א גאלדענעם קאפ און אים צוזאגען די גרעסטע גליקען, וועט ער עס הערען ווי דעם קאטער. קיין פאטאגראפישע מאשינען טארען ניט אין זיין הויז מער קומען. גענוג, אוים פאטאגראפיסט...

דאס איינציגע וואס עס ליגט אים יא נאך אין קאפ, איז, א גרויסעם מעבעל־געשעפט, וואס ער טרוימט אמאל צו מאכען זיך און האנדלען אויף קעש און אויף אפצאלונג...

# אַ צעשטערטע פרייד...

פאַרנאַכט. די פאַבריקען האָבען נאָר וואָס געענדיגט דאָס פייפען און גרילצען.

די גאַסען האָבען זיך אָנגעפילט מיט בלייכע, פאַרכמאַרעטע פּנימ׳ער, וואָס וועלקען פון פרימאָרגען ביז אין אָוונט אין די פאַבריקען ביי די מאַשינען.

דורך די שטילע הינטערגעסלאַך, וואַנדעלט איצט דזשייק, אַ יונגער פאַמיליען־פאָטער, אַ היים פון דער אַרבייט.

אַ מידער שלעפּט ער זיך מיט לאַנגזאַמע טריט, דעם ראָק אויף זיין אַקסעל אַזוי ווי אַ יעגער וואָס שלעפּט אַ דערשאָסענעם האָז... דאָס אויבערהעמד פאַנאַנדערגעשפּיליעט, טאַקע פּונקט ווי איינער וואָס קערט זיך נאָר וואָס אום פון יאַגד.

אויף זיין יונגען, בלייכען פּנים רוט זיך אַ גליקליכע צופרידענהייט, אַ צופרידענהייט, וועלכע עס קאַן נאָר פילען אַן אַרבייטער, אַ פאַמיליען־פאָטער, וואָס האָט נאָך לאַנגע מאָנאַטען אַרבייטסלאָז זיין, ענדליך ווידער אַרבייט באַקומען.

אַ לאַנגע צייט איז ער אָן אַרבייט אַרומגעגאַנגען און דער דלות האָט זיך אויסגעשפּרייט מיט זיינע פליגלען איבער זיין היים.

מיט אַ צופרידענהייט, אָבער אומגעדולדיג, האָט פאַר אים געוואַרט אין דערהיים מערי, זיין פרוי. מערי האָט פאַרשטאַנען, אַז איר דזשייק האָט וואַרשיינליך אַרבייט באַקומען, און זי האָט אים זייער באַדויערט.

— אָרעמער דזשייק, — האָבען אירע ליפּען געשעפּטשעט — ער האָט זיך גאָר ניט מיטגענומען, ער וועט דאָך אַ גאַנצען טאָג גאָר ניט עסען.

ענדליך איז דזשייק אַהיים געקומען.

— העלא מערי, דו ווייסט? איך ארבייט שוין, — רופט ער אוים מיט א קינדישע פרייד. ער האט זיך אראפגעבויגען צו זיין קינד, וואס האט אים אויסגעשטרעקט די הענטלאך, און מיט א ליבען, פאטערליכען קוש ארומגענומען.

דזשייק האב זיך ארומגעוואשען, אויפגעקעמט זיך און גע־געסען אווענט־ברויט.

און א גאנצען אווענט, ביז אין שפעטערע נאכט, איז זיך דזשייק געזעסען אין שטוב מיט דער ווייבעל זיינער און מיט צופרידענהייט גערעכענט וואס זיי וועלען אלץ טאן מיט דער ערשטער „פעי" און ווערען פון די בעל־חובות זיי וועלען נאך אלץ ניט קאנען באצאלען...

אויף צומארגענס אין דער פרי האט מערי שוין אנגע־גרייט א פעקעלע פאר דזשייק'ן מיטצונעמען אויף פרישטיק און אויף מיטאג.

פארטאג איז זיך דזשייק אויפגעשטאנען, זיך אנגעטאן זיי־נע ארבייטס־קליידער, גענומען דאס פעקעלע מיט'ן עסען אונ־טער'ן ארעם און איז אוועק צו דער ארבייט.

מערי האט דאן צוריק פארשלאסען די טיר און זי האט זיך צוריק געלייגט שלאפען.

די מארגען־שטונדע, דער שטילער ווינטעל אין דרויסען, די זונען־שטראלען פון פרי־מארגען, וואס האבען זיך אויף די שויבען געשפילט, דאס אלעס צוזאמען האבען איר אין שיינע פאנטאסטישע חלומות פארוויגט.

פלוצלונג א קלאפ אין טיר, א שטילער רוף: „מערי" רייסט איבער אירע זיסע חלומות — זי דערקענט דזשייק'ס שטימע.

זי עפענט די טיר:

— דזשייק? — פארשפעטיגט אודאי, הא? — שעפ־טשען אירע ליפען.

— וואס פאלט דיר איין, פארשפעטיגט? — ענטפערט

ער מיט א טאַן, ווי עפּעס א פאַרשולדיגטער... און אַוועקליי־
גענדיג צוריק דאָס פּעקעל מיט'ן עסען אויפ'ן טיש, נעמט ער
איר דערקלערען, אַז אַן אַרבייטער וואָס האָט פריער דאָרט גע־
אַרבייט, איז אַרויסגעקומען פון האָספּיטאל, האָט דער באָס
יענעם צוריק געגעבען אַרבייט.

— אַוואַ, אַזאַ מזל ווי מיר האָבען עפּעס, זאָל מען אפּגע־
היט ווערען! — רייסט זיך ניט־ווילענדיג אַרויס פון איר ברוסט
— אַזוי געפרייט זיך, געמיינט מיר זיינען שוין גליקלאַך, און
האָסטו זיך, דאַרף יענער גאַר געזונט ווערען!...

און מאַן און פרוי בלייבען שטיין מיט אַראָפּגעלאָזענע
אויגען און געפינען ניט מער קיין ווערטער איינער פאַר'ן
צווייטען...

# אַ מאַמע.

אין וועב־שאַפּ. עס הודיעט, עס טומעלט דאָס טעגליכע שטומפּיגע גערויש.

אויף די מאַטע, דיקע שויבען בלאַנדזשען אַרום די פאַר׳־גנב׳עטע זונען־שטראַלען.

די אַרבייטער שטייען ביי די מאַשינען פאַרזונקען אין שקלאַפען־יאָך, ווי עס וואָלט אין דער אַרומיגער וועלט קיין זאַך גאָר ניט עקזיסטירט, אויסער דעם שאַפּ...

דזשעני, אַ יונגע פרוי פון אַ יאָר 24, שטייט טרויעריג איינגעקנייטשט דעם שטערן און אין איר מוח וועבען זיך פאַרשידענע געדאַנקען.

ווען ניט ווען וואַרפט זיך איר בליק אויף די פענסטער, און אירע ליפען שעפּטשען עפּעס אין דער שטיל האַלבע אומפאַר־שטענדליכע ווערטער, וועלכע מישען זיך באַלד אין דער לופט צענויף מיט דעם ווילדען געברויז פון די אייזערנע מאַשינען.

— בענעלע, קינד מיינס... — מורמלען אַז אַן אויפהער אירע ליפען און פאַר אירע אויגען נעמט זיך מאָלען דער האָס־פּיטאַל. אַט זעט זי דאָס בעטעל, וואו עס ליגט איר 4 יאָריגער בענעלע, איר האַרציגעס, ליבעס קינד.

זי זעט ווי ער ליגט, זיינע בלאָנדע לאָקעלאַך צעוואָרפען און רופט מיט אַ קינדיש בעטענדעס שטימעלע: „מאַמאַ! מאַמאַ!..."

זי שטעלט אָפּ די וועב־שטולען און מאַכט זיך אַזוי ווי זי וואָלט דאַרפען צוזאַמענבינדען די פעדעם. אַזוי אַרום פאַר־שטעלט זי איר געזיכט, אַז קיינער פון די אַרומיגע זאָל עס ניט מערקען, און טרערען, הייסע, מוטערליכע טרערען רינען אויף די קאַלטע, אייזערנע ציינער פון וועב־שטול און ווערען אומבאַ־מערקט פאַרשלונגען פון דער טויטער מאַשין...

# מוטער און קינד.

א זונטאג אין דערפרי. בעלא, א יונגע ארבייטער־פרוי, ליגט אין איר בעטעל און שלאָפט. דער געדאנק, אז היינט איז זונטאג, א טאג, וואס זי דארף צו דער ארבייט ניט אויפשטיין, לעבט אויך מיט איר אין שלאף, און עס דוכט זיך, אז די יום־טוב שעה'ן שמייכלען צו איר אראפּ פון די ארימע ווענט.

לעבען איר ליגט איר דריי־יעריגער איינגעלע. ער הארכט זיך איין אין דער שטילקייט און נעמט מיט אמאל זינגען אויף זיין קינדערשען קול'כעלע.

— שוויינ, דו קליינער באנדיט! — בייזערט זיך די מוטער, — ווערסט מיך לאזען שלאפען? אדער איך ווארף דיך פון בעט ארויס?!

— א, מא, איך זינג דאך פאר דיר, דו זאלסט קאנען שלאפען, — ענטפערט דאס איינגעלע.

דא האט בעלא שוין ניט געקאנט שליסען אירע אויגען, זי האט זיך צעלאכט און מוטערליך אויסגעשטרעקט די הענט צו איר זונדעלע און גענומען מיט אים ארומשטיפען אויפ'ן בעטעל ביז שפּעט אין טאג אריין.

# איינמאָל אין אַ זומער־טאָג.

אַ הייסער זומער־טאָג.

מיטאָג־צייט, צווישען 12 און 1 אַזייגער. אייב, אַ פּע־טערסאָנער זייד־וועבער, שפּרייזט זיך דורך די געסלאַך צוריק פון'ם מיטאָג.

ער שפּרייזט זיך מיט לאַנגזאַמע טריט. דאָס אויבערהעמד פאַנאַנדערגעשפּילעט, די אַרבעל פאַרקאַטשעט און שעפּטשעט צו זיך: „אַ טרויעריג לעבען, דאָס אַרבייטער לעבען".

אין דאָג גאַס, טרעפט ער אַן הערי'ן, זיינעם אַ פאַבריק־חבר.

הערי איז אַ מענשעל וואָס זאָרגט זיך זייער ווייניג וועגען אַ תכלית און איז בכלל אַ גרויסער שונא פון דער אַרבייט.

פאַלט הערי אויף אַ פּלאַן און רופט זיך אָן צו אייב'ן:

— אייב, דו ווייסט וואָס איך וואָלט דיר געזאָגט? לאָמיר זיך גאָר אָט אַזוי אַ איצט אַראָפּשפּאַצירען אין פּאַרק, זאָל עס דער טייוועל נעמען. מען קאָן דאָך אַזוי אַרבייטענדיג אויסציען די קאַפּיטעס... טאָג אויף טאָג דאָסזעלבע, עס ווייזט אויס, אַז מיר לעבען נאָר אום צו אַרבייטען. און איינרעדען וויל מען אונז, אַז מען אַרבייט אום צו לעבען... לאָמיר אָפּנאַרען אַמאָל אַ טאָג, עס מאַכט ניט, מיר וועלען זאָגען צו־מאָרגענס דעם באָס, אַז מיר האָבען ניט גוט געפילט. און ער האָט אים גענומען פאַר־שטעלען דעם פּאַרק מיט די ביימער, מיט פייגעל און גראָזען. ווי אַן אמת'ער יצר־הרע. אַזוי, אַז אייב האָט ווירקליך שוין דעם אַפּעטיט פאַרלוירען צו גיין אין שאַפּ.

— עס פּאַסט מיר אָבער פּשוט ניט פאַר מיין אייגענער פרוי, צו פאַרלירען אַ טאָג אַרבייט, די קינדערלאַך אונזערע גייען

כמעט באַרוועס און דאַ גיי קריך פּלוצלונג אין אַ אַרבייטס־טאָג אין פּאַרק אַריין.

— נו, אַ זאָרג — האָט הערי געשפּאָסט פון אים — אַר־בייטסט שוין אַזוי פיל יאָרען און ביזט אַ קבצן און אַז דו וועסט אַרבייטען נאָך אַמאָל אַזוי פיל יאָרען וועט דען ניט זיין דאָס זעלבע?... אַי, דיין פרוי? זאָג איר, אַז עס איז עפּעס קאַליע געוואָרען אין פאַבריק.

עס האָט לאַנג ניט גענומען און זיי זיינעןביידע אין פּאַרק אין אַ טאָל, צווישען טיפען גראָז געלעגען און געשמועסט, פי־לאָזאָפירט איבער פאַרשידענע געזעלשאַפטליכע און פּאָליטישע ענינים, ביז זיי זיינען זיך אַנדרימעלט געוואָרען.

שפּעט אין אָווענט האָבען זיי דערוואַכט און גענומען דעם וועג אַהיים צו.

גייענדיג אויפ׳ן וועג, האָט אייב געשמייכעלט צו זיך. ער האָט זיך דערמאָנט אין זיין קינדהייט.

— פּונקט ווי אַמאָל אין חדר — האָט ער זיך געטראַכט — אָפּגענאַרט אַי דעם רבי׳ן אַי דעם טאַטען... דעם רבי׳ן פלעגט ער זאָגען, אַז ער איז אין חדר ניט געקומען, ווייל דער טאַטע איז קראַנק און דעם טאַטען — אַז דער רבי איז קראַנק... און אַזוי פלעגט ער זיך אָפּנאַרען אַ טאָג...

— ער, ווען עס וואָלטען היינט אויך קיין „פּיי" טעג ניט געווען — האָט ער שטיל געזיפצט — ער, ווי גוט דאָס וואָלט געווען...

# דער געשעפטסמאַן.

ער איז געזעסען ביים פענסטער און געקוקט אַרויס אויפ'ן גאַס. עס איז געוועזען אַ שיינער הערבסטיגער פאַרנאַכט צווישען בין־השמשות. דער פייער־רויטער הימעל וואָס איז געהאנגען אין ווייטען האָריזאָנט האָט אים געמאַכט דערמאָנען זיך אין פאַרשידענע קינדהייטס עראינערונגען. ער דערמאָנט זיך ווי ער פלעגט אַמאָל, מיט נאָך קינדער־חברים, קוקען אויף אַזאַ הימעל מיט טיפען רחמנות אויף די רשעים וואָס מוזען זיך איצט דאָרט ברענען און בראָטען, פּרעגלען זיך אין אַ פייער פון זייער אייגען האַלץ וואָס זיי האָבען בייטאָג אָנגעקליבען ערגעץ אין די טיפע וועלדער, און מיט'ן האַלץ אויף זייערע פּלייצעס צוריק אַרויף אין הימעל אריין... און אַזוי טראַכטענדיג האָבען אים זיינע געדאַנקען פאַרטראָגען וויט צוריק צו זיינע קינדער־יאָרען, און אין זיין זכרון האָבען גענומען אויפגיין פאַרשידענע בילדער פון זיין קינדהייט, וועלכע האָבען אים שוין וויט, וויט פאַרלאָזען, און ער האָט זיי שוין לאַנג געהאַט פאַרגעסען, זייענדיג פאַרטאָן אין געשעפטען.

אַ פייפען פון די פאַבריקען, וואָס געפינען זיך אין שטעטעל, האָבען אים איבערגעריסען זיינע געדאַנקען. עס האָבען זיך גענומען באַווייזען דורכ'ן גאַס מחנות אַרבייטער מיט בלייכע, איינגעריכטע פּנים'ער, מיט זייערע אָפּגעטראָגענע רעקלאָך און אָפּגעבליאַקעוועטע הויזען. אויפ'ן ראָג גאַס האָבען זיך אָפּגעשטעלט אַ גרופּע פון זיי, וואו זיי האָבען עפּעס געשמועסט צווישען זיך און דערביי האָבען זיי געמאַכט פאַרשידענע באַוועגונגען מיט די הענט.

אים האָט זיך געדוכט, אַז ער ווייס פון וואָס זיי ריידען...
„פאַר וואָס זאָל ער עפּעס ניט וויסען?... וואָס, ער איז דען אַליין

ניט געווען אַמאָל אַ אַרבייטער? — און ער נעמט זיך צייגען זיינע הענט פאַר זיך אַליין, אויף וועלכע עס ליגט נאָך דער שטעמפּעל פון אַמאָליגער אַרבייט און ער רעדט צו זיך אַליין אַ שטיינער ווי זיינע הענט וואָלטען געווען עמיצענס און ער אַליין וואָלט אויך געווען עמיץ אַנדערש...

— אַ, קוק ווי איך האָב געאַרבייט!... און ער פילט בשעת מעשה ווי אַרויסצוגיין צו די וואָס שטייען אויפ'ן ראָג גאָס מיט די אָפּגעטראָגענע רעקלאַך און אָפּגעבליאַקעוועטע הויזען און העלפען פאַרפירען מיט זיי דעם שמועס און זאָגען צו זיי::

— חברים, איך בין מיט אייך! איר האָט אין מיר אַ פריינט! ניט קוקט אויף דעם וואָס איך בין איצט ניט מער קיין אַרבייטער און לעב פון געשעפטען... נאָר עפּעס ווייס ער ניט, עפּעס דוכט זיך אים אַלע מאָל אויס, אַז אַלע וואָס באַגעגענען אים קוקען אויף אים מיט אַ פאַרוואורף... יאָ, היינט בייטאָג ערשט האָט אים איינער אָפּגעשטעלט אויפ'ן גאָס און אַ פרעג געטאָן: „נו, ווי גייען עפּעס די געשעפטען?... און ער קאָן שווערען, אַז ער האָט געזען ווי יענער חוזק'ט און שעפּטשעט אין זיך: „אַ געשעפטסמאַן געוואָרען, אַ ספּעקולאַטאָר, חי־חי־חי..."

— שאַ, אייגענטליך — טראַכט ער — וואָס איז דען? ס'איז אַ מצוה אַז מען גייט אַרבייטען צו יענעם און מען ווערט פון יענעם עקספּלואַטירט? וואו שטייט דען דאָס געשריבען? נאָר גאָר נישט, ער ווייס שוין: ס'איז ניט מער ווי קנאה, מען קאָן ניט זען ווי איינער אַרבייט זיך אַרויף, ווי מען זאָגט אין אַמעריקאַ. וואָרים ווער — טראַכט ער — וואָלט דאָס ניט גע־וואָלט זיך אַרויפאַרבייטען? אָט ווייס ער דאָך אַליין פון פיל גרויסע סאָציאַליסטען אפילו וואָס זיינען גרויסע געשעפטסמע־נער... אָט וואָלט ער געמאַכט אַ ו ו ע ט, שוין איצטער אין צען דאָלאַר, אַז ווען אַ שטיינער מען זאָל אָפּשאַפען די אַר־בייט — אַרבייט זאָל אויפהערען צו עקזיסטירען אויף דער וועלט

אין גאַנצען, און דאָס גאַנצע לעבען אַרום זאָל זיך נאָר דרייען מיט געשעפטען, אפילו אין די פאַבריקען אַריין טאָג־טעגליך זאָל מען נאָר גיין, אום צו מאַכען דאָרטען געשעפטען, וועט זיך דער פּראָגרעס און אפילו דער סאָציאַליזם ניט אָפּשטעלען... נאָר וואָס דען, מיר, מיר די געשעפטסלייט וועלען מוזען זיין פון דעם אַלעם די פאַנען־טרעגער...

— וואָס גייסטו ניט אַריין עסען? די קאַטשקע שטייט שוין אויפ'ן טיש אַ געבראָטענע — האָט אים אַ פרויען־שטימע איבערגעריסען פון זיינע הערליכע, גרויסע פאַנטאַזיעס...

— ביזט גערעכט, מיין ווייבעל, — האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן — ביזנעס איז בעפאָר פלעזשור!...

און ער איז אַריינגעגאַנגען אין דעם רייך־סערווירטען צי־מער...

## וואס איז ליבע?

נאך דעם ווי בעני איז געווען פארהייראט א פאר יאר מיט זיין ווייבעל, וואס ער האט אמאל אזוי היים געליבט, האט זיך איז געוומען אויסדוכטען, אז ער איז א פארלוירענער מענש.

בעני איז פון תמיד אן, אלס בחור נאך, געוועזען אזא איי־נער, וואס האט תמיד געשטרעבט צו ליבען, און געליבט צו ווערען. אין צייטען, ווען ער האט געפירט א ליבע איז ער גאר אן אנדער מענש געוועזען, דאמאלט פלעגט ער ארומגיין פריי־לאך און גוט אויפגעלייגט.

פארקערט, ווידער, אין צייטען, ווען ער האט קיין ליבע ניט געפירט, ווען די ליבע האט אים פארלאזען, דאמאלס איז ער ארומגעגאנגען פאראומערט, אומצופרידען, עפעס האט די וועלט ביי אים אן אנדער „פנים" געקראגען...

ליבעס האט בעני געפירט כמעט אלע מאל, ער האט גע־האט מזל אויף דעם געביט, ווייל אזוי ווי ער איז געוועזען גע־בענשט פון דער נאטור מיט א שיינעם, שווארצען קאפ האר, מיט צוויי שיינע, צווארץ־צאפלדיגע אויגען און מיט א פאר שיינע וואנסעלאך, האט דאס אים געהאלפען אז דער שיינער מין האט זיך לעבען אים ארומגעדרייט ווי די בינען לעבען א בינ־שטאק, אזוי, אז עס איז אים כמעט קיינמאל ניט אויסגעקומען צו זיין אן א ליבע.

ווי זאגט אבער די וועלט א ווערטעל:

„דאס קריגעלע גייט אזוי לאנג צום וואסער, ביז דאס אוי־ער רייסט זיך אפ".

אזוי איז עס אויך געוועזען מיט בעני'ן — בעני האט אזוי לאנג געליבט, געליבט, ביז די ליבע האט אים געפאנגען, און — ער האט חתונה געהאט.

די ערשטע צייטען נאָך דער חתונה האָט זיך בעני אפילו געפילט גאָר נישקשה'דיג. אדרבא, ער איז נאָך גאָר געווען צופרידען פון זיך. ער האָט נאָך גאָר אַ גליק געזען דעריז. וואָס דען, ס'איז עפּעס אַ פּלאַן אַרומשלעפּען זיך אַלע פּאָר וואָכען מיט אַן אַנדערער? ניט וויסען אויף וועלכער וועלט מען איז? — האָט ער אַלע מאָל גע'טענה'ט מיט זיך אַליין. אַט איצט ווייס ער זיך, אַז ער איז בעל הבית, אַ מענש מיט לייטען גלייך! זיין פרוי, זיין הויז און זיין ליבע, זיין ליבע אויף אייביג...

עס איז אַוועק אַ צייט און בעני איז זיך געוואָרען אַ גאַנץ סטאַלער בעל הבית'על, פאַרמאָגט אַ שיין הויז מיט מעבעל, אַ ווייבעל מיט 3 קינדערלאַך און דאָס פאַמיליען־גליק האָט זיך געהאַלטען אין פאַנאַנדערשפּרייטען מיט די פליגעל פון אַ פערטעם איבער זיין דאַך.

אַזוי איז זיך די צייט אין גליק און אין פרידען געשוואומען.

מיט דער צייט האָט זיך אָבער בעני'ן אָנגעהויבען צו בענקען — בענקען, אַליין ניט וויסענדיג נאָך וואָס. עפּעס אַז ער האָט זיך אַרומגעקוקט, האָט ער זיך געגומען פילען ווי אַ געפאַנגען פויגעלע נעבאָך, וואָס וויל די פליגעלאַך אויסשפּרייטען און קאָן ניט, ווייל עס שלאָגט זיך נעבאָך אָן אין די דראָטען פון דער שטייגעל...

פאַר וואָס דאָס איז אַזוי האָט ער אָנפאַנג אַליין ניט געוואוסט... ער האָט נור געפילט, אַז עפּעס האָט אַלעם אַרום אים פאַרלוירען דעם אינטערעס — עפּעס האָט די וועלט ביי אים. אין גאַנצען „אַ טרויעריג פּנים" באַקומען...

אַז ער האָט זיך אָנגעהויבען פאַרטראַכטען און טיף נאָכדיינקען, איז ער ענדליך געקומען צום באַשלוס, אַז עס פעלט אים ליבע, ליבע פעלט אים... ער איז געקומען צו דער איבער־

צייגונג, אז ניט ער ליבט מער זיין פרוי, און ניט זי ליבט אים מער אזוי ווי אמאל...

— אייגענטליך ווייס ער שוין דאס פון לאנג, אז עס איז אוממעגליך, אז ליבע זאל עקזיסטירען אייביג צווישען צוויי מענשען... ער האט עס אמאל אליין ערגעץ געליינט. טא וואס האט ער זיך אליין צו נארען און איינריידען זיך א ליגען אין בוידך, אז ער ליבט? ווען עס איז גאר אזא זאך אויף דער וועלט ניטא! — ער זעט עס דאך ערשט איצט אליין אין דער פראקטיק...

וואס מער ער האט זיך פארטראכט ווענען זיך, אלץ מער איז ער געקומען צום שלום, א זער איז א פארלוירענער. גוד־באי, ליבע! — ער האט ניט מער ווי פליכטען אלס מאן און אלס פאטער פון פאמיליען־גליק...

נאר וואס קאן ער זיך נעבאך העלפען? פארפאלען!

אפטמאל האט ער פארפירט א געשפרעך אויף דער טעמא מיט זיין ווייבעל — טאקע, וואס האט ער זיך צו היטען מיט אן אמת?.. פילט זי דען ניט אזוי? — פלעגט ער זיך טראכטען. נא וואס האבען מיר זיך צו נארען?...

— דו ווייסט העלען? — פלעגט ער איר אפטמאל ערקלערען — ליבע צווישען מאן און ווייב, אמת'ע ליבע, האלט נאר אן א קורצע צייט, העכסטענס ביז דעם געבורט פון דאס ערשטע קינד. אזוי האט ערגעץ אמאל געזאגט א פילאזאף — האט ער באדייטענד צוגעגעבען — און אז א פילאזאף זאגט, ווייס ער וואס ער רעדט...

— עס איז דאך אבער פארט פאראן מענשען וואס ליבען זיך ביז 100 יאר? — האט זי גע'טענה'ט, ניט וועלענדיג איינשטימען מיט זיינע פילאזאפיען...

— זאלסט עס ניט גלויבען, זיי ליקענען, ווילען איינריידען ליבע, שטיבע, ס'א ליגען...

— הייסט עס, אַז דו ליבסט מיך מער ניט? — האָט זי אַלץ געוואָלט וויסן.

— וואָס הייסט? עס ווענדט זיך דען אַן מיר? אַזוי איז דאָס געזעץ פון לעבן און פון דער נאַטור.

— אויב אַזוי, וועל איך דיך שוין אָנלערנען — האָט הע־לען איינמאָל באַשלאָסן ביי זיך אין געדאַנק. און זי איז גע־פאַלן אויף אַזאַ פּלאַן:

עס איז אַריינגעקומען צו זיי אין שטוב פאַרשידענע פריינד. האָט זי זיך „אויסגעקליבן„ איינעם פון וועלכן זי האָט שטענ־דיק גענומען ריידן און לויבן פאַר איר בעני׳ן.

— בעני, מיסטער גרינבערג איז דאָך אַזוי שיין און לי־בענסווירדיק — האָט זי אַלע מאָל גענומען טענה׳ן, ווען יענ־נער איז אַרויס פון זייער שטוב — האָסט אַמאָל באַטראַכט זיי־נע הענט? ווי ביי אַ מיידעל.. איך האָב אים אַזוי גערן ווען ער קומט אַריין, איך וואָלט געוואָלט ער זאָל אַזוי דאָ תמיד זיצן... איך וויים ניט פאַר וואָס דאָס איז?... פילסטו אויך אַזוי בעני?

צוערשט האָט זי עס געטאָן גלאַט אַזוי, בעני׳ן צו מאַכן אייפערזיכטיג, שפּעטער האָט זי זיך אויף אַן אמת אין גרינ־בערג׳ן איינגעליבט, עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז זי זעט טאָ־קע אין אים דאָס וואָס זי האָט אַליין אין איר פאַנטאַזיע וועגן אים אויסגעטראַכט...

עס איז אַוועק אַ שטיקעל צייט, איז בעני אַזוי געוואָרען אייפערזיכטיג אַז ער האָט אָנגעהויבן קוקן אויף יענעם, אויף זיין פריינט גרינבערג, ווי אויף אַ בלוטיגען שונא, וואָס וויל אוועקרויבען זיין ליבע פון אים... אים האָט זיך אַלץ פאַרגע־שטעלט אַז אָט, אָט אין אַ שיינעם העלען טאָג, ווען ער קומט אַהיים, פּאַקט זיך זיין ווייבעל אין וועג אַריין און זי ערקלערט אָפען אַז זי ליבט אים ניט מער, זי ליבט גרינבערג׳ן און גוד־באַי!

איינמאָל, ווען בעני האָט באַגעגענט גרינבערג׳ן אין גאַס, האָט ער זיך מיט יענעם אַזוי צעקריגט, וועגן עפּעס אַ זייטיגען

עניז, מיט אבזיכט כדי יענער זאָל מעהר אין זיין הויז אריין ניט קומען...

פון דאמאלס אן געהט בעני ארום און שרעקט זיך אזוי פאר דעם וואָרט „ליבע“, ווי איינער שרעקט זיך פאר א פייער... און האָט מורא דאָס וואָרט צו דערמאָנען אויף זיינע ליפּען. נאר ער גייט ארום און טראַכט: „וואָס איז ליבע?“

# דער „מאָנומענט“.

איך האָב איר געליבט טיף און שטאַרק מיט דער גאַנצער נשמה מיינע.

זי מיך — אויך.

מיר האָבען קיינמאָל דערוועגען ניט גערעדט; גערעדט האָבען נאָר, יעדעס מאָל, ביי אונזער באַגעגענען זיך, אונזערע בליקען, אַזוי ווי אונזערע ביידענס נשמות וואָלטען זיך דורך שפּיגלען דערזען... מיר האָבען ניט גערעדט דערוועגען, ווייל מיר האָבען עס געהאַלטען אַזוי סודות'דיג, מיסטעריעז, ווי מיר וואָלטען מורא האָבען, אַז דער קלאַנג פון'ם וואָרט זאָל די שיינקייט פון אונזערע געפילען ניט טויטען...

מיר פלעגען אויפשטיין אין פרימאָרגען פריער ווי געוועג־ליך צו אונזער אַרבייט, כדי מיר זאָלען זיך אויפ'ן וועג צו אונ־זער אַרבייט, אויף עטליכע מינוטען באַגעגענען.

איך האָב זיך אָפטמאָל פאַרגעסען, אַז איך בין אַ שקלאַף אין פאַבריק. דער גאַנצער טאָג אַרבייט פלעגט פאַר מיר פאַר־וואַנדעלט ווערען אין דער מינוטענדיגער, פרימאָרגענדיגער באַ־געגעניש מיט איר.

איינמאָל האָט עפּעס פּאַסירט. איך האָב איר ניט באַגעג־געגנט. עס איז געוואָרען שפּעטער און זי איז ניט געקומען. איך בין געשטאַנען ווי פאַרזינקען אין מיינע נשמה'־דיגע חלומות וועגען איר, און דאָ האָט מיך די פּראָסטע טעג־ליכע ווירקליכקייט גערופען: עס האָט זיך געטראָגען אַרום מיר אַ פּייפען פון די פאַבריקען אין דער לופטען.

מיר איז איינגעפאַלען אַ מאָדנע אידעע:

איך האָב געמאַכט אַ געוויסען צייכען אין אַ געמויערטע געביידע, אין דעם געסעל, וואו מיר האָבען זיך יעדען פרימאָר־

גען באַגעגענט, כדי איך זאָל איר אויפ'ן צווייטען טאָג צייגען, אַז איך בין דאָ געוועןו.

אויפ'ן צווייטען טאָג האָב איך איר דעם צייכען געצייגט, וואָס איך האָב אין א ציגעל פון דער מויער אויסגעקריצט.

פון דאַמאָלט אָן, ווען מיר גייען פאַרביי יענער געסעל, קוקען מיר ווי אויף א מאָנומענט פון אונזער שטילער ליבע, וואָס עס וועט אייביג טראָגען סודות'דיג אין זיך איינגעקריצט דער רויטער שטיינערנער מויער...

# אין אַ רויטען אָווענט.

עס איז געווען א רויטער פאַרנאַכט.

אין ווייטען האָריזאָנט האָט געהאנגען א פורפור רויטער הימעל, און די זון איז אין מערב־זייט פאַרגאַנגען א בלוטיג־רויטע.

איך בין ארויס אין מיין גאָרטען, האָב אָפּגעריסען די שענסטע בלום פון א בלוטיג רויטער קאָליר, פאַר דיר א מתנה צו ברענגען.

האָב זיך אַוועקגעלאָזען אין גאַס אריין מיט מיינע רויטע טרוימען אין הארץ און אין דער נשמה, דיך צו דערוואַרטען.

עס איז אַוועק א שטונדע נאָך א שטונדע, איך האָב גע־וואַרט, און מיר האָט זיך געדוכט, אז עס ציט זיך אן אייביג־קייט פאַרביי — דו ביזט ניט געקומען.

א פריינדין האָט מיך באַגעגענט און ליבליך געבעטען:

— שענקט מיר די בלום. — דערביי האָט זי קינדיש אויס־געשטרעקט איהר ווייסע מיידעל האַנט.

איך האָב איר די בלום אַוועקגעגעבען. זי האָט מאָדנע ליב געשמייכעלט און געדאַנקט מיר נאָר אויף מיר און אַרום מיר, האָט געוועט מיט פרעמדקייט, מיט טיפע מיסטעריעזע נשמה פרעמדקייט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך האָב זיך אַרומגעקוקט. דער רויטער אָווענט איז שוין געווען פאַרגאַנגען. אויף׳ן הימעל האָבען געהאנגען דיקע נאַכט־וואָלקענס, וואָס האָבען זיך מיר פאָרגעשטעלט ווי קריכענדיגע, מורא׳דיגע גרויסע שלאַנגען... נאָר טיף ביי מיר אין דער נשמה, האָבען שטילע, רויטע טרוימען געצאַנקט און געטליעט זיך אין בלויען צווייפעל...

# נומער 221.

דאָס איז געווען איינמאָל אין אַ שיינעם זומערדיגען פאַר־נאַכט. איך בין געזעסען ביים ברעג פון טייך מיט מיינעם אַ באַקאַנטען מיט וועלכען איך האָב זיך באַקאַנט אויף דער זומער־וואָנונג וואו איך האָב דאַמאָלט פאַרבראַכט.

מיר זיינען ביידע געזעסען פאַרטראַכט, געקוקט אויף דער אונטערגייענדער זון, וואָס האָט זיך אויפ'ן טייך געשפּילט מיט די טאַנצענדיגע וואַסער־בערגעלאַך.

פּלוצלונג רופט ער זיך אָן צו מיר עפּעס אַזוי מיסטעריעז:

— פריינט שטילבערג, מאַכט אויף אייך עפּעס אַ באַ־זונדערען איינדרוק דער נומער 221?

— ווי אַלע נומערען! — האָב איך געענטפערט, און האָב אַ קוק געטאָן אויף אים מיט פאַרדאַכט.

ער האָט אויפגעהויבען זיינע אויגען, זיך פאַרשענד אַרומ־געקוקט, דאַן מאַכט ער צו מיר: איך וועל אייך דערציילען אַ געשיכטע.

— דערציילט, אדרבא, — האָב איך געזאָגט.

ער האָט אַוועקגעוואָרפען די לעצטע פּאָר שטיינדלאַך וואָס ער האָט אין האַנט געהאַלטען, זיך אויסגעגלייכט און גענומען סודות'דיג דערציילען:

„נומער 221 איז אַ קעסטעלע אויף דער פּאָסט אין דער שטאָט ה., וועלכעס איך האָב אַמאָל געדונגען פאַר 4 דאָלאַר אַ יאָר.

אַהין פלעג איך זיך קאָרעספּאָנדירען מיט אַ דאַמע. איך האָב געהאַט צוויי שליסעלאַך: איינס האָב איך איר אַוועקגע־געבען, און אַזוי האָבען מיר זיך אָפטמאָל דורכגעשריבען, און

קיינער א חוץ דעם פּאָסט־קעסטעל, האָט פון אונזער פאַרהעלט־ניש ניט געוואוסט.

די דאַמע איז געווען מיין פרויס א חבר'טע. זי איז געווען פאַרהייראַט צו א רייכען געשעפטסמאַן. זי פלעגט אָפט אריינ־קומען צו אונז אין הויז.

אין הויז, און איבערהויפּט אין דער אנוועזענהייט פון אונ־זערע, האָבען מיר זיך געהאַלטען ווייטליך. אונזערע אַלע ראַנ־דעוויוס האָבען מיר געמאַכט דורך בריף. איר פאַרשטייט שוין אודאי אַז צווישען אונז איז געווען א געהיימע ליבע — איך זאָג אייך דעם אמת, אַז יאָ, מיר האָבען זיך טאַקע ליב געהאַט, זייער ליב געהאַט, ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס נאָך דעם אָנ־גענומענעם מאָראַל האָבען מיר ביידע פאַרשטאַנען אַז מיר האַנד־לען ניט ריכטיג. מיר האָבען אָפטמאָל אפילו אַליין גערעדט דעריבער, נאָר אונזערע ליבעס־געפילען האָבען זיך אָבער ניט געלאָזט דערשטיקען... און אַבוואָל מיר האָבען ביידע געוואוסט אַז קיין ענדערונג אין לעבען וועלען מיר ניט מאַכען, דאָך האָ־בען מיר ווייניג געוואָלט טראַכטען וועגען דער צוקונפט... מיר האָבען אפילו זיך אויסגעהיט צו דערמאַנען עפּעס וועגען א צו־קונפט, אום דערמיט ניט צו שטערען אונזער שוין אַזוי אויך פאַרבאַטענעם גן־עדן...

אין יעדען בריף וואָס איך האָב געקראָגען פון איר, האָט זי גערעדט וועגען איר פאַרצווייפעלטער ליבע, און איר יעדעס געשריבענע וואָרט האָט געאָטעמט מיט א שטיק פון איר האַרץ און נשמה.

איינמאָל האָט זי מיר אַזוי געשריבען:

„טייערער! איך טראָג זיך אַרום מיט א ליגען, מיט א הייליגען ליגען אין האַרצען און מיט א זיגעל אויף די ליפּען און אויף דער נשמה.

„טייערער! איך וויים, אַז דו ווייסט ניט און איך וויל עס אויך ניט, אַז דו זאָלסט עס דיין פרוי, מיין פריינדין, פאַר־

לאזען, דאך, זאל מיין נשמה וואס באלאנגט צו דיר געגארט ווערען"...

איך, דעם אמת געזאגט, האב טאקע אויך אזוי גע־פילט...

דא האט ער זיך פארטראכט אויפ'ן וואסער און שטיל געבליבען.

— און היינט ? — האב איך נייגעריג געפרעגט.

— א, היינט, מיר האבען זיך לאנג שוין פארגעסען איי־נער דעם צווייטען.

— נארישקייטען געווען — זאג איך — עס טרעפט ביי א מענשען א סך מאל, אז ער באגייט נארישקייטען אין לעבען. א מענש איז ניט קיין מלאך.

— נארישקייטען ? — האט ער איבערגעפרעגט.

— איר זעט דאך.

— איר האט א טעות, עס איז ניט אזוי ווי איר מיינט. מיין ליבער, עס האט זיך געמאכט א צופאל, וואס האט געמוזט ענדיגען אלעס.

— נארישקייטען, זאג איך נאך אמאל שוין דרייסטער. עס טרעפט אמאל מען חלום'ט ביז מען דערוואכט און דאן איז אוים חלום. א גאנץ פשוט'ע זאך.

ער איז געזעסען און געצופט מיט איין האנט שטיקלאך פונ'ם גראז. גלאט אזוי זיך, און מיך אנגעקוקט און געשוויגען.

— הערט אוים, — האט ער זיך ווידער געווענדעט צו מיר. — איך האב אייך דערציילט א סוד, וואס האט צו טאן מיט מיינע נשמה־געפילען. אבער עס איז גוט, אז עס רעדט זיך אמאל ארונטער פון הארצען. איך וועל אייך שוין דערציילען דעם צופאל:

— עס איז געווען אמאל, דורך אן אומפארזיכטיגקייט, האט זיך מיין פרוי דערוואוסט פון אונזער גאנצער פארהעלט־

ניש, ניט וויכטיג ווי אַזוי, און דאָס האָט אַלעס צו ענדע גע־מאַכט.

— א סקאַנדאַל געוואָרען? — האָב איך געפּרואווט טרעפען.

— חס ושלום, — האָט ער אַ צי געטאָן מיט די פּלייצעס — אדרבה, זי האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַזאַ ליבען שמייכעל, ווי אַ מוטער קוקט אַמאָל אויף איר קינד, און זי זאָגט צו מיר: „דו מיינסט, אַז איך האָב ניט געוואוסט די גאַנצע צייט פון אייער ליבע? נאָר גאָר ניט, איך האָב מיטגעפילט מיט דיר און מיט מיין פריינדין. און ווען דו ווייסט ניט, אַז איך וויים עס שוין, וואָלט איך עס דיר נאָך איצט אויך ניט געזאָגט, ווייל, נאָך אַלעם האָב איך דאָך אייך ביידען ליב...“

שטעלט אייך פאָר ווי איך האָב דאַמאָלס געפילט... איך בין געבליבען שטיין ווי אַן אומבאַהאָלפענער נאַר...

דעמזעלבען טאָג האָב איך אָוועקגעשריבען אַ בריף און באַ־שטימט זיך צו טרעפען מיט דער דאַמע אין פּאַרק אויפ׳ן אָוונט.

מיר האָבען יענעם אָוונט פאַרבראַכט ביז שפּעט ביינאַכט אין פּאַרק. איך האָב איר דערציילט אַלעס וואָס עס איז פאָר־געקומען און אויך די האַלטונג און די טענה פון מיין פרוי.

זייט דאַן האָבען מיר זיך ביידע עפּעס גענומען פילען אַזוי קליינליך מיט דעם ליגען וואָס מיר האָבען די גאַנצע צייט פאַר אַ הייליגקייט געמאַכט... פאַר אונזערע אויגען איז אויסגעוואַק־סען דאָס געשטאַלט פון מיין פרוי מיט איר שמייכעל און מיט איר טיפער באַאָבאַכטונג... עפּעס האָט זיך פאַר אונז ווי אין דער לופטען אויסגעקריצט אירע ווערטער: „דו מיינסט, אַז איך האָב ניט געוואוסט די גאַנצע צייט פון אייער ביידענס ליבע?...

אין אַ קורצער צייט אַרום האָב איך געהאַט אַ בריף אין אונזערען פּאָסטקעסטעל. ווען איך האָב געעפענט דעם קאָנ־

ווערט, האָב איך געפונען איר שליסעל מיט אַ קליינע צושריפט:
„אונזער שיינער ליגען אין געענדיגט, וואָרים וואָס פאַר אַ ווער־
דע האָט דען אַ סוד ווען ער איז שוין מער קיין סוד ניט"...

זייט דאַמאָלס איז שוין אַוועק אַ צייט. מיר האָבען זיך
איינער אַן דעם צווייטען פאַרגעסען. דאָס איינציגע וואָס איך
האָב יאָ נאָך צום אַנדענקען איז דאָס פּאָסט־קעסטעלע 221,
וואָס איך האַלט נאָך אָפּגעדונגען ביז'ן היינטיגען טאָג, און
דענק עס נאָך צו האַלטען צום אַנדענק.

ווען ער האָט געענדיגט דערציילען, האָט ער אַרויסגענו־
מען פון זיין וועסט־טאַשעל צוויי קליינינקע שליסעלאַך, וואָס
באַלאַנגען צום פּאָסט־קעסטעל און שפּילענדיג זיך מיט זיי אין
דער האַנט האָט ער זיך צוגעפּיפען אַ שטיל פאַר'חלומ'ט לי־
דעל, וואָס האָט זיך צוטראָגען אין דער אַרומיגער שטילקייט...

# איך נקמה.

איך בין געזעסען מיט מיינעם א פריינט אין א פּארק צווי־שען גרין־געדיכטע גראזען און בוימער.

איך געדענק שוין ניט ווי אזוי אונזער געשפּרעך האט זיך דאמאלס אנטוויקעלט. איך געדענק נאר, אז מיר האבען גע־רעדט וועגען פרויען־ליבע, וועגען זייער פאלשקייט און כיטרע־קייט.

מיין פריינט איז געווען א מאלער, א יונגערמאן אין די דרייסיגער; זיין אורטייל וועגען פרויען איז געוועזען זייער א שלעכטער. ער האט מיר דערציילט פאלגענדע געשיכטע:

דאס איז געווען מיט א פּאר יאר צוריק, ווען איך האב געוואוינט אין ניו־יארק. דאמאלס האט מיך א פרוי אין איר נעץ געפאנגען און צולעצט האט זי מיר אפגעטאן א מיאוס שפּיצעל.

איך האב זיך באקענט מיט איר איינמאל אין א זומער־טאג אין סענטראל פּארק, ביי דער מיוזיק, ווען מיינער א פריינט האט מיך פארגעשטעלט פאר איר.

— איך זייט מיר זייער באקאנט! — האט זי גלייך אויפ'ן שטעל א זאג געטאן, ניט ארונטערנעמענדיג פון מיר אירע צוויי שיינע קארשען־אויגען, און האלטענדיג איר צארטעס פרויען־הענטעל אין מיינע, האט זי מיר איבערגעפרעגט מיין נאמען — דוכט זיך, איך האב אייך ערגעץ וואו געזען.

איך האב ארויסגענומען מיינע א וויזיט־קארטע און איר געגעבען.

— ה. פּ. ברוינבערג — האט זי געשעפּטשעט — ה. פּ. ברוינבערג, אזוי עטליכע מאל קוקענדיג אויף מיין וויזיט־קארטע.

— נייז, זי קאן זיך ניט דערמאנען... ווארשיינליך א טעות. זי האט זיך אנטשולדיגט.

אין אייניגע טעג ארום האבען מיר זיך ווידער באגעגענט. דאס איז געוועזען אין דער גאס וואו איך האב געהאט מיין סטודיא.

איך האב איר ניט דערקענט. זי איז זיך געגאנגען אויס־געפוצט אין שיינע נעטע קליידער, אויפ'ן פנים א שלייער און א פאר פאנסנע אויף איר נעזעל, אזוי אז זי האט אויסגעקוקט זייער אריסטאקראטיש.

איך האב איר געוואלט פארבייגייען, ווען פלוצלונג האט זי מיך אפגעשטעלט:

— זיינט איר ניט מר. ברוינבערג?

— יא, האב איך זי באגריסט, ציענדיג מיין העט.

— איך האב אייך שוין באלד ניט דערקאנט — זאגט זי — ערשט לעצטען זונטאג געזען אייך און גערעדט מיט אייך אין פארק. ווען אייער געזיכט וואלט מיר ניט אזוי באקאנט געוועזען, וואלט איך אייך איצט זיכער ניט דערקאנט...

— איר שפאצירט דא ארום? — האב איך געפרעגט גלאט אזוי, פון העפליכקייט וועגען.

— נייז, אזוי זיך צופעליג פארבייגעגאנגען — איר וואוינט דא ערגעץ?

— נייז, דא האב איך מיין סטודיא.

— א, איר זייט א מאלער, איך האב גאר פארגעסען. עס וועט זיין אינטערעסאנט זיך אמאל אריינכאפען אין אייער סטודיא, באטראכטען אייער ארבייט, אויב מען מעג עס?

— ס'א פראגע צי מען מעג עס!

— גוט, איך וועל ווען־עס־איז פארבייגייענדיג אייך באזוכען.

אויפ'ן צווייטען טאג, ארום פארנאכט־צו, מען קלאפט אין

טיר. אויף מיין ענטפער אריין, האָט זיך באַוויזן די זעלבע דאַמע.

— איך האָב זיך גענומען צייט צו וויזיטען אייך, מר. ברוינבערג.

— ביטע, איר זייט ווילקאָמען.

זי האָט זיך אויסגעטאָן איר הוט מיט׳ן שלייער און איר איבער־מאַנטעל און זי איז געבליבן שטיין פאַר מיר מיט איר שיינעם געלאַקטען שאַטענעם קאָפּ האָר, מיט איר ווייס דורכ־זיכטיג בלוזקעלע און עס האָט זיך געפילט אַ ריח פון גוטען פּאַרפיום.

איך האָב איר אַרומגעפירט איבער מיין סטודיאָ און גע־צייגט איר פאַרשידענע בילדער איבער וועלכע זי האָט אויסגע־דריקט איר מבינות און אַנטציקונג.

זי האָט מיר דערציילט, אַז זי איז אַ גרויסע פאַרערערין פון קונסט פון אַלע מאָל אָן.

פאַר׳ן אַוועקגיין האָט זי באַדאַנקט און אויסגעדריקט איר באַגייסטערונג וועגן מיין אַרבייט און אויך ניט פאַרגעסן דערביי צו דערמאָנען איר צופרידענהייט, וואָס זי האָט זיך מיט מיר באַקענט.

פון דאַמאָלס אָן פלעגט זי אָנפאַנגען קומען וואָס אָפטער, אַזוי אַז מיט דער צייט איז זי שוין געקומען ווי צו אַן איינע־נעם.

אָפטמאָל פלעגט זי זיך שוין אַוועק שטעלן ביים שפּיגעל צורעכט מאַכען איר טואַלעטע, פאַנאַנדערקעמען אירע האָר. וואָס האָבן זיך כוואַליענדיג צולייגט איבער אירע דורכזיכטיגע אַקסלען, אַזוי אַז כאַטש נעם און מאָל זי אויס...

מיר זיינען געוואָרען זייער אינטים. עס האָט זיך פאַר־בונדען צווישען אונז אַ ליבע.

זי האָט מיר אַ סך מאָל דערציילט וועגן איר מאַן, אַז זי ליבט אים ניט, און זי האָט אים קיינמאָל ניט געליבט. זי ווייס

עס איצט אליין ניט ווי אזוי זי האט אמאל געקאנט ווערן זיין פרוי... זיין ציל אין לעבן איז נאר געלט און ביזנעס. פון עטוואס גייסטיגעס איז ער אין גאנצן אויסגעטאן. און זי איז פון תמיד אן א טרוימערין געווען, א ליבהאבערין פון קונסט... אך, ווי זי ליבט אים ניט...

לויט ווי זי האט מיר אים געשילדערט, איז ער פון נידע־ריגען וואוקס געווען, א דיקליכער מיט א פאר גראבע ליפען, מיט הארינ באוואקסענע הענט, און ווען זי קוקט אויף אים, דוכט זיך איר, אז זי קוקט אויף אן אנגעפילט פעסעל מיט דא־לארס...

— ביז איך ניט אמאל דער שולדיגער? האב איך ניט אוועקגערויבט אייער ליבע צו אים? — האב איך איר איי־ניגע מאל געפרעגט.

— איך האב זיך צו שפעט פארליבט אין אייך, אז איר זאלט קאנען זיין דער שולדיגער, — האט זי מיר געענטפערט — איר זייט געקומען ווען מיין הארץ איז שוין געווען טויט פאר אים...

אבער ניט רעכענענדיג זיך מיט קיין זאך, האב איך זי ראך געליבט. יונג ביז איך געוועזען און זי איז כמעט מיין ערשטע געליבטע געווען.

איך פלעג ביי דער ארבייט אין מיין סטודיא אלע מאל טראכטען פון איר און קוקען אויף דער טיר, זי דערוואַרטענדיג.

אט אזוי האט אונזער ליבע אנגעהאלטען א צייט.

מיט אמאל האט זי גענומען צושטיין צו מיר, אז מיר זא־לען אנהויבען טראכטען וועגען עפעס א תכלית.

זי האט מיר גענומען ווערען צודרינגליך, אז אזוי קאן עס ווייטער ניט בלייבען... זי וויל פארלאזען איר „אנגעפילטען פע־סעל" און לעבען ערגעץ מיט א מענשען וואס זי ליבט מיט איר הארץ און נשמה...

דעם אמת געזאָגט, האָט זי מיך דערמיט געשטעלט אין אַ פּאַרצווייפעלטע לאַגע. איך האָב ניט געוואוסט וואָס צו טאָן.

איך האָב איר גענומען פּשוט דערקלערן, אַז זי ליבט מיך ניט.... ווארום, אַז זי זאָל מיך ליבן אויף אַן אמת, וואָלט זי זיך ניט גערעכנט מיט די באַלעבאַטישע פּראַקטישקייטן. וואָס זיינען זייער ווייט פון קונסט און קינסטלער... און וואו איז איר קינסטלערישע נשמה?... איבעריגנס, האָב איך איר דערקלערט, בין איך נאָך זייער ווייט פון טראַכטן אפילו דערוועגן צו גיין לעבן מיט אַ פרוי...

און נאָר ניט, עס איז זיך ווייטער אַלעס געבליבן ווי גע־וועזן...

איינמאָל זיינען אַוועק אַ פּאָר טעג און זי איז ניט געקו־מען. איך האָב זייער געבענקט און איבערגעקלערט: ווער ווייס, אפשר איז זי קראַנק געוואָרן, אָדער אפשר האָט עפּעס פּאַ־סירט — האָב איך געטראַכט.

ענדליך האָב איך מיט אומגעדולד דערהאַלטן אַ בריף.

איך האָב אַוועקגעוואָרפן מיין אַרבייט, פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס און זיך אַוועקגעלייגט אויף דער זאַפע לייענען.

אָבער — איך בין שיער ניט געבליבן אַ טויטער און האָב עס מיינע אויגן ניט געגלויבט...

דער בריף איז געווען געשריבן פון איר מאַן. און ער שרייבט מיר, אַז די פרוי זיינע האָט אים דערציילט, אַז איך פאַרפאָלג איר איבעראַל, אין גאַס, און אין פּאַרק מיט ליבעס־דערקלערונגען און — איך זאָל עס נאָך אַמאָל ניט וואַגן... זיי האָבן אויסגעפונען מיין אַדרעס און זיי ווייסן שוין ווער איך בין...

— נו, וואָס זאָגט איר צו אַזאַ געשיכטע? — האָט ער זיך געווענדט צו מיר.

— וואָס זאָל איך זאָגן? איר זעט דאָך, אַז זי איז דאָך

געטריי געבליבען איר מאן — האָב איך געענטפערט מיט אַ סאַרקאַסטישען שמייכעל, אַ פיינע פרוי.

מיר זיינען ביידע געבליבען זיצען, פאַרטראַכט זיך ווי אַ ליכטעס זומער־ווינטעל האָט זיך שטיפעריש צעהוליעט דורך די בוימער...

# אסתר׳קע.

אסתר׳קע איז א שיינע גראַציעזע פרוי, א שוואַרצען קאָפּ געדיכטע האָר, א פּאָר שיינע ברוינע אויגען, א פּאָר קאַרשען־רויטע ליפּעלאך און א שניי־ווייסע העלזעל. דערצו נאָך דער שלאַנקער געבוי פון איר פיגור, מאַכט איר אויסקוקען נאָך מער גראַציעזן.

דייוו, אסתר׳קעס מאַן, איז פונקט דער קאָנטראַסט פון איר, א מיאוס׳ער, א קליין געוואַקסיגער, א דיקליכער, מיט א פּאָר קליינע גרויע אויגען, א קרומע נאָז און א פּאָר שיטערע הערלאך אויפ׳ן געזיכט. דאָך ניט קוקענדיג אויף דעם לעבען זיי זיך א צופרידענעם שטילען פאַמיליען־לעבען.

דייוו איז א פאָרמאַן אין א שאָפּ פון אויבער־הויזען, וואו ער איז פאַרנומען א גאַנצען טאָג, פון 8 אין דער פרי ביז 6 אזייגער פאַרנאַכט. אסתר׳קע איז דאַרום ניט קיין פאַרהאַרע־וועטע הויז־פרוי. אינגאַנצען וואָס זי האָט צו טאָן איז, אויפ־צוראַמען די שטובען, אומצוגיין מיט׳ן קינד און סאַפּער אָנצו־גרייטען פאַר דייוו׳ען. און ווי אַממייסטען אַזעלכע ווייבלאך, שלאָפט זי זיך ביז א שטיק אין טאָג אריין. שפּרייזט זיך אַרום אין די שטובען ביז 2 אַזייגער בייטאָג אין א גרין־וויים געבלי־מעלטע קימאָני מיט קורצע אַרבעל, די האָר צעפלאַכטען איבער אירע אקסלען, און א פאָר סאַמעט בלויע שטעק־שיכלאך אויף די פיס.

אָפטמאָל זיצט זי זיך אַזוי אָפּ שטונדען־לאַנג אין איר וויג־שטול לעזענדיג א בוך, אָדער גלאָט אַזוי זיך, קוקענדיג אַרויס דורך א פענסטער און טראַכטען פון ווייטע אומבאַקאַנטע וועל־טען.

איינמאָל, אַרום איינס אַזייגער בייטאָג, ווען אסתּר׳קע איז זיך אַזוי געזעסען אין וויג־שטול, קלאַפּט מען אַן אין טיר.

אויף איר ענטפער „אַריין" האָט זיך באַוויזען אַדאָלף. דייוו׳ס אַ פריינט, וואָס פלעגט זיי אָפטמאָל באַזוכען.

— העלאָ, אַדאָלף, אַ גאַסט! אַנטשולדיגט וואָס איך גיי אַזוי אַרום, עס וואָלט מיר קיינמאָל ניט איינגעפאַלען, אַז איר קלאַפּט דאָס, ווער זאָל זיך ריכטען? — האָט אסתּר׳קע שעמעוודיג געשמייכעלט.

— איך האָב זיך אַליין אויך ניט געריכט — האָט אַדאָלף צוריק געשמייכעלט שעמעוודיג, — צופעליג בין איך פאַרביי־געגאַנגען אייער הויז, זאָג איך זיך: מען דאַרף גאָר אַרויף צו אייך! וואָס הערט זיך עפּעס?

— זיצט, מר. אַדאָלף! — האָט אסתּר׳קע אים פריינטליך אַ זאָג געטאָן, און זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ עפעקטנע פּאָזע, מיט׳ן בוך אין איין האַנט, און מיט דער צווייטער האַנט זיך צוגעהאַלטען ביים בוזים.

— איר לעזט? וואָס פאַר אַ בוך איז עס? — האָט אַדאָלף געפרעגט, גלאַט אַזוי זיך.

— סאַנין. — האָט אסתּר׳קע געענטפערט מיט אַ שמייכעל, סאַ׳ טייערער בוך! איר האָט עס שוין געלייענט?

— ס׳אַ פראַגע!

— איך וועל נעמען מאַכען טיי, — האָט אסתּר׳קע איבערגעהאַקט דעם געשפּרעך.

זי האָט אָנגעצונדען דעם גאַז־אויוועז, אַוועקגעשטעלט אַ טשייניק מיט וואַסער און באַלד האָט זי זיך אַוועקגעשטעלט ביים „דרעסער", און מיט אַ ווייסעןביינערנעם קאַם גענומען קעמען אירע האָר וואָס האָבען זיך ברייט צולייגט איבער אירע אַקסלען.

באַלד האָט זי אָנגעגאָסען צוויי גלעזער טיי, געשטעלט

אויפ׳ן טיש, צוגערוקט צוויי שטולען און אוועקגעזעצט זיך נאָענט נעבען אַדאָלף׳ן.

ער האָט גענומען טרינקען די טיי און געשוויגען.

— סאַראַ פּראַכטפולער טאָג היינט איז אין דרויסען ! — האָט זי ווידער גענומען קייטלען דעם געשפּרעך.

— עס איז דאָך עפּעס פרילינג, די שענסטע צייט פון יאָר, ווען דאָס לעבען רופט — האָט אַדאָלף אַריינגעוואָרפען אַ שיינע פראַזע.

עס איז ווירקליך געוועזען אַ פּראַכטפולער טאָג. אויף די שויבען האָבען זיך געשפּילט די פרילינג־שטראַלען וואָס האָבען זיך געצויגען אין שטוב אַריין ווי טויזענטער זיידענע פעדעמ־לאַך. פון ערגיץ פון דער ווייט האָט זיך געהערט דאָס טרילערען פון אַ פאַרבענקטען קאַנאַריק. דורך די האַלב־אָפענע פענסטער האָט געוועט דער פרילינגס־דופט.

— כ׳בעט אייך, אַדאָלף, גלויבט איר אין ליבע ? — איז זי פּלוצלונג אַרויס מיט אַ פראַגע.

ער האָט אויף אַ מינוט אַראָפּגעלאָזען די אויגען צום טיש־טוך, נאָר באַלד איז ער געוואָרען דרייסטער און געענטפערט: וואָס הייסט צו איך גלויב אין ליבע ? קיין רעליגיאָן איז די ליבע ניט, אָבער אַז עס עקזיסטירט ליבע, וועט קיינער ניט אָפּלייקענען.

— איך ווייס ניט, מיר דוכט זיך, אַז עס איז גאָר ניט פאַ־ראַן אַזאַ זאַך ווי ליבע אויף דער וועלט, ס׳איז אַלעס פאַנטאַ־זיעס, שיינע פראַזען, וואָס האָבען מיר זיך צו נאַרען ? מיר זיי־נען דאָך עפּעס פאַרהייראַטע מענשען.

אַדאָלף האָט פאַררויכערט אַ סיגאַרעטעל און קוקענדיג אויפ׳ן רויך ווי ער קרייזעלט און שלענגעלט זיך אין דער שטוב צווישען די זונען־שטראַלען, האָט ער געפרעגט: נו, קאָנט איר מיר זאָגען, אַז איר ליבט ניט אייער מאַן ?

— געוויס ליב איך אים, ער איז דאָך מיין מאַן. אָבער

ווען איר מיר דען איינרעדען, אז איר ליבט אייער פרוי, ווייל איר זייט פארליבט אין איר? איך וואלט אייך זיכערער גע־גלויבט ווען איר וואלט מיר זאגען, אז איר זייט פארליבט אין עפעס א מיידעל אדער גאר אין א פרעמדער ווייבעל. און אנ־שטעלענדיג אירע שיינע אויגען צו אים מיט א שמייכעל, האט זי שטיפעריש א פיר געטאן איבער זיין פנים מיט איר ווייכען אנטבלויזטען עלענבויגען.

ניט ווילענדיג האט ער זי אנגעכאפט פאר'ן האנט.

זי האט זיך ניט געווערט, נאר דרייסט אים אנגעקוקט און געשמייכעלט:

— א יא, איך האב אייך צוגעטראפען? זאגט דעם אמת?

נאר אנשטאט צו זאגען דעם אמת, האט ער זי פעסט ארומגענומען, מיט א שטארקען קוש זיך איינגעפרעסט אין איר.

זי האט זיך פארלוירען, זיך געטוליעט און געלאשטשעט צו אים ווי א קעצעל...

פלוצלונג האט זיך אין דער צווייטער שטוב איר קינד צע־וויינט. ער האט זי אפגעלאזען פון זיינע ארימס און זי איז אוועק צום וויגעלע.

זיין בליק איז דערווייל געפאלען צום וואנט וואו עס הענגט זיין פריינטס בילד. עס איז אים דורך א געפיל פון חרטה, און ער האט זיך גענומען פילען ווי א פארשולדיגטער.

קומט אין זיין פריינדס הויז און קושט זיין פרוי!

ער האט ארויסגענומען דאס זייגערעל פון זיין וועסט־טאש, א קוק געטאן, שוין דריי דער זייגער. ער האט גענומען זיין העט אויף זיך און טיף פארשעמט, פאר זיך אליין, האט ער זיך מיט איר אפגעזעגענט.

און אסתר'קע איז געזעסען ביים וויגעלע און זייגענדיג דאס קינד האט זי גערעדט צו זיך: וואס מענער זיינען, וואס מענער זיינען... דער טייפעל זאל זיי נעמען איינס בעסאנדערע, קיין איינער ניט פאראן א רעכטער צווישען זיי!...

# סעמקע הויקער.

פון קינדהייט אָן, זינט סעמקע געדיינקט זיך, טראָגט ער זיך אַרום מיט אַ הויקער אויף זיינע פּלייצעס. אַ הויקער ניט קיין גייסטיגען, נאָר אַן אמת'ן הויקער פון בלוט און פון פלייש. מען רופט אים טאַקע דערפאַר ניט אַנדערש ווי מיט'ן נאָמען: סעמקע הויקער.

אַ חוץ דעם, האָט גלאַט עפּעס די נאַטור אויסגעגאָסען איר צאָרן אויף סעמקע'ן ווי זי וואָלט זיך אָן אים נוקם זיין פאַר עפּעס אַ זינד פון זיין עלטער, עלטער זיידען... ווייניג וואָס די נאַטור האָט אים פאַרזאָרגט מיט אַ „פּעקעל“, האָט זי אים צו־געשאָנקען אַ קרומען נאָז און אַ פּאָר מאָדנע גראָבע ליפּען.

נים קוקענדיג אָבער אויף דעם, איז סעמקע ביי אַלעמען באַליבט, תמיד איז ער גוטמוטיג, פריילאַך און שטענדיג מיט אַ ליבען סימפּאַטישען שמייכעל. פאַר יעדען האָט ער זיך תמיד אַ גלייך ווערטעל, אַ וויצעל און ריידען רעדט ער זייער זאַכלעך. אַזוי אַז ער איז אַלעמאַל אינטערעסאַנט און פון אַלעמען גע־אַכטעטעט.

אין געזעלשאַפט, צווישען באַקאַנטע, פאַרנעמט ער כמעט תמיד דעם אויבענאָן, דורך זיין שיינעם ריידען און פייאיגקייט צו אַלץ, זעט ער זיך מער אָן ווי אַלע אַנדערע. אַ חוץ דעם קאָן ער טאַנצען זינגען, שפּרינגען און וויים אפילו אַ סך פון קונסט און פון ביכער א. ד. ג. עפּעס דאַכט זיך אויס, אַזוי ווי סעמקע וואָלט מיט דער נאַטור, וואָס האָט אים ווי אַ שטיף־מוטער באַ־האַנדעלט, אַ קאַמף אויפגענומען, אַזוי אַז זיינע גייסטיגע מעלות זאָלען זיינע קערפּערליכע חסרונות פאַרשטעלען...

סעמקע איז זיך אַ פּשוט'ער שניידער־אַרבייטער. דאָך, צייט־

בענט ער זיך אפילו מיט דער ארבייט אויס אלס קענער... א שטיקל ארבייט וואס געהט ארויס פון זיין נאדעל, האט א רום צווישען עולם, און זי פארדינט טאקע א סך געלט, גאלדענע הענט, זאגט מען.

באגעגענט איר סעמקען אין גאס, גייט ער זיך אלעמאל זייער עפעקטנע געקליידעט: פון זיינע הענט בלאנקען די זווי־בער ווייסע מאנזשעטען, דער שלייף ביים קראגען, שיין אויס־געבונדען, די שיך אויסגעפוצט און אין אלגעמיין מאכט ער אויף אייך דעם אלעמאל א יום־טוב׳דיגען איינדרוק.

אין קיין זאך צייגט סעמקע ניט ארויס קיין איינרייידעניש, קיין אמביציע, א חוץ אין איין זאך, און דאס איז, אין ליבע...

וויפיל מיידלאך עס האבען זיך שוין ניט געוואלט שדכנ׳ען צו אים מיט ליבע, האט ער זיך אזוי ווי גאר ניט וויסענדיג גע־מאכט דערפון, גלייך ער וואלט עס גאר ניט פארשטאנען...

סעמקע האט זיך אבער ארומגעטראגען מיט א פארבאר־גענע ליבע טיף אין הארץ און אין דער נשמה.

ער האט געליבט איין מיידעל, צווישען אלע זיינע באקאנ־טע, פון וועלכער ער האט תמיד געטראכט און גע׳חלומ׳ט. לילי האט זי געהייסען, אן אינטעליגענטע מיידעל, און לילי איז פאר אים אין א שיינעם אומפארווירקבארען טרוים אויסגעוואקסען...

פיל מאל פלעגט ער זיך אוועקשטעלען ביים שפיגעל, ווען ער איז מיט זיך אליין אין זיין שטוב געווען און איינקוקען זיך אין זיין פיגור און ריידען צו זיך אין דער שטיל:

— אידיאט, קאליקע, שלאג זיך ארויס פון קאפ דיינע נא־רישע געדאנקען...

און ער האט עס טאקע געוואלט אויף אן אמת, פארגעסען אן איר, ניט טראכטען, נאר ער האט עס אבער ניט געקאנט ווי עס וואלט עפעס א כשוף געווען...

לילי האָט אויך געפילט אַ סימפּאַטיע צו סעמקען. איר סימפּאַטיע איז אָבער געווען אַזאַ וואָס איז איר אַליין שווער געווען צו אונטערשיידען, צי עס איז פריינדשאַפט, צי עס איז ליבע... זי האָט אַלעמאָל ליב געהאַט זיין אַנוועזענהייט, תמיד האָט זי געהאַט מיט אים איבער וואָס צו ריידען.

זייערע געשפּרעכען זיינען אָפט געווען וועגן קונסט, וועגן ביכער און וועגן אַנדערע אינטערעסאַנטע ענינים. און מערקווירדיג: ווען סעמקע איז זיך צוזאַמענגעקומען מיט לילי׳ן איז ער דוקא אַלעמאָל געווען ערענסט. פאַר איר האָט ער קיינמאָל זיין ליידענדע נשמה ניט באַהאַלטען... און דאָס האָט איז איר נאָך מער אירסימפּאַטיע צו אים ערוועקט, ווייל זי האָט געפילט צו אים, צו איין און דער זעלבער זייט, אַ אַכטונג אַ רחמנות. זיהאָט פאַרשטאַנען אַז זיין גאַנצע לוסטיגקייט צווישען געזעלשאַפט, איז נאָר אַ געמאַכטע, אום דערמיט זיין ווייטאָג פון אַנדערע אָוזפּוזיך אַליין צו פאַרטרייבען... זי האָט עס אים אָבער קיינמאָל ניטגעלאָזען מערקען אַז זי פאַרשטייט אַזוי גוט זיין צווייזייטיגען „איך“, נאָר טיף אין האַרץ ביי זיך, האָט זי אים באַוואונדערט פאַר זיין שטאַרקייט...

אין די שפּעטע אָווענטען, פלעגט סעמקע אָבער זיצען מיט זיך אַליין אין זיין איינזאַמען שטיבעל און קוקען מיט טיפען טרויער אויף די גרויע ווענט אויף וועלכען ער האָט דעם שאָטען פון זיין אומגעלומפּערטען געשטאַלט געזען, און אים האָט זיך געדאַכט אַז די וואַנט שטעקט צו אים אַרויס אַ הויקער און מאַכט צו אים אַ קרומע נאָז... עס האָט זיך אים דעמאָלס דערפילט, פון זיך אַליין, פּשוט צו לאַכען און צו וויינען צוזאַמען...

איינמאָל אין אַ ווינטערדיגען אָווענט, דרויסען איז אַ שטילער שניי געפאַלען, ווען סעמקע האָטזיך אַרומגעשפּאַצירט מיט לילי׳ן אין גאַס, גלאַט אַזוי זיך, און גערעדט איבער פאַרשידענעס, איז זי פּלוצלונג צוגעשטאַנען צו אים מיט אַזאַ פראַגע:

— סעמקע, איך וועל אייך עפּעס בעטן, אָבער איר וועט מיר זאָגן דעם אמת?

— וואָס הייסט? איך האָב אייך שוין אַמאָל געזאָגט אַ ליגן?

זי האָט אַ ווײַלע געשוויגן.

— נו, פֿרעגט, אדרבה, — האָט איר סעמקע צוגעגעבן מוטה.

— סעמקע, — האָט זי אָנגעפֿאַנגען, — איר ווייסט ווי איך טראַכט פֿון אייך אָפּטמאָל: איך באַוואונדער אייך פֿיל מאָל און קאָן אייך ניט דערגייך.

— מיט וואָס צום בײַשפּיל, — האָט ער געפֿרעגט נײַגע־ריג.

— גאָר ניט, אָט אַזוי עפּעס. וויפֿיל איך זאָל וועגן אייך ניט טראַכטן קאָן איך אַלץ ניט פֿאַרשטיין: צײַטנווײַז דאַכט זיך מיר אויס, אַז אין אייך זיצן עפּעס צוויי נשמות. וואָס איינע איז זייער ווײַט פֿון דער צווייטער... אַמאָל, איבערהויפּט אין געזעלשאַפֿט, זייט איר אַלעמאָל פֿריילאַך, און מייסטענס, ווי איך זע אייך, דוכט מיר, אַז תמיד זייט איר פֿערטרויערט. איז עס ניט אַזוי, סעמקע?

ער איז אַ ווײַלע געבליבן שטיין פֿאַרטראַכט ווי פֿון עפּעס געטראָפֿן, און נאָכגעדענקט, דאַן האָט ער איר ערנסט און לאַנגזאַם געענטפֿערט:

— יאָ, עס איז אמת, לילי, אָבער ווייסט איר פֿאַר וואָס דאָס איז אַזוי? ווײַל איר קאָנט מיך ניט... ווען איר וואָלט מיך געקאָנט, וואָלט איר אַלעמאָל דערקאָנט, אַז דורך מײַן פֿריי־ליכקייט ציט זיך יעדעס מאָל דורך אַ שוואַרץ שנירעלע פֿון שטי־לע, באַהאַלטענע לײַדן... איר אָבער, האָב איך געמיינט, קאָנט מיך יאָ, ווײַל פֿאַר אייך האָב איך זיך אַזוי ניט באַהאַלטן... פֿאַר וואָס, ווייס איך אַליין ניט...

ער האָט איר געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, נאָר עפּעס האָט

ער זיך דערפֿילט ווי די צונג וואָלט אים געבליבן צוגעקלעפּט צום גומען, און עס פֿעלט אים לשון.

און אַזוי גייענדיג, האָט זיך לילי גענומען טוליען צו אים דאָס ערשטע מאָל מיט ליבע, מיט ליידענשאַפֿטליכער ליבע. און דער פֿרישער, ווייסער שניי, וואָס איז פֿון הימעל געפֿאַלען, האָט אויסגעקוקט, ווי עס וואָלטען זיך ווייסע פּערעל פֿון ליבע פֿון הימעל געשאָטען....



# זינא

פיל מאָל אין לעבען האָט זינא געליבט, און פיל מאָל איז זי געליבט געוואָרען. נאָר קיינמאָל האָט זי צו אירע ליבעס קיין מזל ניט געהאַט. עפּעס האָט זיך שוין אַזוי געמאַכט, יעדעס מאָל, אַז די וואָס האָבען איר געליבט, די האָט זי פאַרלאָזען. און די וואָס זי האָט געליבט, האָבען איר פאַרלאָזען.

זינאַ'ס נאַטור איז געווען אַזאַ, אַז לאַנג ליבען אַ מענשען. וואָס האָט איר געליבט, האָט זי ניט געקענט. און זאַנדערבאַר: פאַרצווייפעלט האָט זי אָבער דוקא געליבט דאָ, וואו עס איז איר אויסגעקומען צו ליידען... דאָס איז באַרייט געווען אַרויס־צורייסען אַ שטיק פון איר האַרץ און נשמה און עס מקריב צו זיין אויפ'ן מזבח פון דער ליבע...

זי איז געווען אַן אינטעליגענטע מיידעל און אליין זיך גוט פאַרשטאַנען. „וואָס קאָן איך זיך העלפען?" האָט זי אַלע מאָל גע'טענה'ט מיט זיך אליין, „איך קאָן דאָך ניט האַנדלען מיט מיין ליעבע געגען מיינע געפילען..."

ברוך, איר לעצטער געליבטער, האָט פון אַלע אירע פאַר־גאַנגענע ליבעס געוואוסט. זי האָט זיך געהאַלטען גענוג פריי און האָט אים אַ סך מאָל, ביי געלעגענהייטען, אליין דערציילט פון זיי.

עס האָט אים ניט געאַרט. אדרבה, ער האָט זיך אַ סך מאָל מיט ליבע געטוליעט צו איר. „ביזט נאָך צו יונג געווען, ווען ניט וואָלסטו איצט ניט געווען מיינע. עס וואָלט דיך עמיץ אַנדערש שוין געהאַט אויסגעכאַפּט." און וואָס מער ער האָט געוואוסט פון איר פאַרגאַנגענהייט, אַלץ מער האָט ער איר ליב געקראָגען. אַזוי לאַנג ביז ער האָט גענומען צו איר צושטיין

און ווערען צודרינגליך מיט טענות און גענומען איר מאָלען צו־קונפט־פּלענער.

— זינאַ, דענקסטו ניט, אַז מיר וואָלטען געמעגט אַנהויבען אַ טראַכט טאָן וועגען איינאָרדנען פאַר זיך אַ הויז? וואָס איז דען אייגענטליך דאָ פאַר אַז אָפּהאַלט פאַר אונזער גליק? פאַר וואָס זאָלען מיר אַזוי אַרומגיין נאָך אַ מאָנאַט און נאָך אַ מאָ־נאַט. שטעל דיר נאָר פאָר, ווי גליקליך מיר וועלען דאַן זיין!

איינמאָל, ווען ברוך איז איר געוואָרען זייער צודרינגליך מיט זיינע צוקונפט־פּלענער, האָט זי טיף אָפּגעזיפצט.

— וואָס זיפצסטו, זינאַ? — האָט ער זיך געבעטען ביי איר, — זאָג מיר.

זי האָט זיך געקווינקעלט אַ ווײַלע, און ווען ער איז צו איר נאָך מער צוגעשטאַנען, זי זאָל עס אים זאָגען, האָט זי גע־נומען ריידען:

— ברוך, — האָט זי אָנגעפאַנגען מיט אַ פאַרצווייפעלטען טאָן, — די ווייסט דאָך, איך ליב דיך און איך וויל פאַר דיר קיין ליגנערין ניט בלייבען, איך רייד מיט דיר אָפען: איך האָב מורא, אַז דו וועסט מיט מיין ליבע ניט גליקליך זיין. איך וואָלט עס דיר ניט געזאָגט, איך ווייס אָבער, אַז דו ביזט גענוג אינטע־ליגענט מיך צו פאַרשטיין, און צו פאַרשטיין מיין נשמה, און דערפאַר רייד איך מיט דיר פריי.

ער האָט איר אָנגעקוקט און אויגענבליקליך ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערען.

— עס איז דאָך פאַר דיר קיין סוד ניט, — האָט זי ווייטער גענומען ריידען, — אַז איך האָב שוין געליבט אַנדערע בעפאָר דיר, און יעדעס מאָל ווען איך האָב געליבט, האָב איך געליבט מיט אויפריכטיגקייט, און דאָך, האָב איך יעדעס מאָל די ליבע פאַרגעסען. עפּעס ליגט שוין אַזעלכעס אין מיין נשמה, אַז לאַנג ליבען אַ מענשען קאָן איך ניט, און גראָד די וואָס ליבען מיך... וואָס קאָן איך מיר העלפען? קאָן איך זיך דען

דיקטירען מיט'ן קאפּ מיין הארץ און מיינע געפילען?... רוף עס אן לייבטזין, רוף עס ווי דו ווילסט, אבער אזוי איז עס שוין, אזוי איז מיין נאטור, אפשר א שלעכטע נאטור, נאר וואס בין איך שולדיג?... כ'ווייס ניט, אפשר וועל איך זיך אמאל, ווען עס איז ענדערען. מיר אבער דוכט זיך, אז אזוי וועל איך שוין בלייבען, ווייל עפּעס שטענדיג בענק איך, אליין ניט וויסענדיג נאך וואס... וואס דארפסטו עס, עס זאל דיר אפשר אמאל אויס־קומען צו ליידען דורך מיר?... וואס טויג דיר צו לעבען מיט א מענשען וואס זיין נשמה איז אויף שטיקלאך צוטיילט?

— זינא, — האט ער איר געענטפערט, — דערצייל מיר ניט מער פון קיין זאך, זאג מיר גאר ניט. איך קאן דיך, איך פיל דיין הארץ און דיין נשמה. עס וועט זיך ענדערען אלעס, אלעס... איך קען דיר נאר ענטפערען קורץ: אין דיינע הענט ליגט איצט מיין גליק און מיין הארץ. ווילסטו—בארויב עס, צורייס עס אויף שטיקלאך... איך בעט ביי דיר איין ווארט, איין ווארט בלויז... אבער געדענק, זינא, צורייסטו מיינע שענס־טע טרוימען, וועט דיר אייביג דער שאטען פון מיין געשטאלט נאכגיין... באדענק דיר, זינא, און זאג עס מיר!

זייט דאן האט זי גענומען ווערען פארצווייפעלט. תמיד האבען אין אירע אויערן געקלונגען זיינע ווערטער: „דער שא־טען פון מיין געשטאלט וועט דיר אייביג נאכגיין...“ און וואס וועט דאך אמאל ווערען פון איר?... זי קאן דאך אויף אזוי פיל לעבעדיגע קברים ניט טאנצען... און אין פארצווייפלונג האט זי באשלאסען זיך אים איבערצוגעבען, און — זיי זיינען געווארען מאן און פרוי.

נאך דער חתונה, אז זינא האט זיך גענומען ארומקוקען, האט זיך איר געדוכט, אז ערשט איצט איז זי א גליקליכע.

עס זיינען אוועק וואכען און מאנאטען, זינא האט זיך אין גאנצען געענדערט. די ארומיגע סביבה פון פארהייראטען לע־בען האט אויף איר אן אנדערע ווירקונג געקראגען, אזוי אז זי

האָט אָפּטמאָל צוריקגעבליקט אויף אירע אַמאָליגע פאַנטאַזיעס ווי אויף נאַרישע יוגענט־חלומות.

זי האָט זיך אָפטמאָל גענומען פאַרשטעלען אירע אַלע געוועזענע געליבטע, און זי האָט אין גערדאַנק קיין איינעם ניט געקענט געפינען וואָס זי זאָל אים קאָנען גלייך שטעלען אַנטקעגען איר איצטיגען ליבען ברוך.

פיל מאָל האָט זי זיך אַליין באַוואונדערט און זיך מקנא געווען ווי זי האָט זיך געענדערט. „איך, זינאַ, אַ פאַרהייראַטע פרוי", האָט זי אָפּטמאָל געטראַכט, זיך גייענדיג אַזוי אין גאַס מיט'ן קווישעל אויף דער האַנט, איינצוקויפען. „בין איך טאַקע אַמאָל געוועזען אַזוי לייכטזיניג?" פלעגט זי פאַרטראַכטען זיך און שמייכלען ווי זי וואָלט זיך איצט געשעמט פאַר זיך אַליין.

ווען זי האָט דאָס ערשטע קינד געבאָרען, איז זי גאָר אַ גליקליכע געווען: שטונדען לאַנג פלעגט זי אָפּשטיין ביים וויגעל געבויגען און קוקען מיט ליבע אויף איר קליינעם מלאכ'ל און קושען די קליינינקע, צאַרטע קינדער־הענטלאַך. און גאַנצע טעג, ווען ברוך איז ביי דער אַרבייט געווען, האָט זי אַלץ געטראַכט פון ברוך'ן, און דאָס האָט אויסגעפילט אַלע ווינקעלאַך פון איר נשמה.

זינאַ איז איצט ווירקליך אַ גוטע און ליבע פרוי געוועזען.

און מערקווירדיג, ווי ברוך האָט זיך איצט אויך געענדערט: וואָס מער זינאַ איז געווען צו אים איבערגעגעבען, אַלץ מער האָט ער פאַרגעסען זיין אַמאָליגע ליבע צו איר. איינס וואָס ער האָט ניט פאַרגעסען געקאָנט, איז אירע אַמאָליגע ליבעס און איר פריידענקען.

אים האָבען זיך אַלץ פאַרגעשטעלט אירע געליבטע פון אַמאָל און פון איצט אין פאַרשידענע געשטאַלטען... און זיי האָבען אים קיין רו ניט געגעבען... עס קאָן דאָך ניט זיין, אַז זי זאָל זיך האָבען אַזוי געענדערט...

פיל מאָל האָט ער אין דער שטיל גערעדט צו זיך: יאַ, זי

האָט דאָך איִם אַליין אַמאָל געזאָגט, אַז זי ווייסט ניט צי זי וועט זיך ווען עס איז ענדערען, ווייל איר נאַטור איז שוין אַזעלכע, אַז מיט'ן קאָפּ קאָן זי ניט דיקטירען אירע געפילען...

„פּרויען", האָט ער געמורמעלט, „דער טייוועל זאָל זיי נעמען! ווי קונציג זיי קאָנען זיך פאַרשטעלען..."

אין שטוב איז ער תמיד אַרומגעגאַנגען בייז און אויפגערעגט, געזוכט זיך צו טשעפּען צו יעדער קלייניגקייט.

איז ער אַמאָל אַהיימגעקומען און זינאַ'ן אין שטוב ניט געטראָפען, איז ער אַוועק אין סאַלון אריין, זיך גענומען שפּילען אין קאָרטען, געטרונקען און געוויכערט, ביז שפּעט אין דער נאַכט. און אויף צומאָרגענס, ווען ער איז אויפגעשטאַנען, איז אים קיין זאַך אין שטוב ניט געפעלען געווען און ער האָט נאָר געוואַרטשעט אונטער'ן נאָז האַלבע, אומפאַרשטענדליכע ווערטער...

זינאַ האָט אין דער שטיל געליטען, זי האָט קיין זאַך ניט פאַרשטאַנען. פאַר וואָס האַנדעלט ער אַזוי איצט צו איר? האָט זי זיך געקלאָגט פאַר זיך אַליין אויף איר מזל. ער האָט דאָך זי אַמאָל אַזוי ליב געהאַט! וואָס האָט ער זיך אַזוי געענדערט? און זי האָט זיך פיל מאָל דערמאָנט זיינע ווערטער פון אַמאָל: „ביי דיר ליגט איצט מיין גליק און מיין האַרץ..." אַ, וואָס פאַר אַ טיפער אָפּגרונט עס ליגט צווישען דעם אַמאָל און היינט. — האָט זי שטיל געזיפצט.

זי האָט זיך פיל מאָל געפּרואווט איינרעדען, אַז זי האָסט אים, נאָר אין אמת'ן האָט זי דאָס ניט געקאָנט. אדרבה, זי האָט אים איצט געליבט פיל שטאַרקער ווי אַמאָל. וואָס מער ער האָט אים געמאַכט ליידען, אַלץ מער איז איר ליבע געוואַקסען צו אים. און זי האָט טיף געגאַרט נאָך זיין אַמאָליגער ליבע און צערטליכקייט.

ווער ווייס, אפשר האָט ער איר אויפגעהערט צו ליבען, אפשר ליבט ער ערגעץ איצט אַ צווייטע! — האָט זי אַ סך מאָל

געטראַכט און זיך מיט אַ באַהאַלטענעם שרעק, און טיף אין איר האַרצן האָט ווי אַ וואָרים גענומען נאָגן אַז אַן אויפהער...

זי האָט גענומען צושטיין צו אים, זי מוז אַלעס וויסן... אַזוי קאָן זי מער ניט אויסהאַלטן...

— ברוך, — האָט זי גענומען ריידן אין אַ מילדן טאָן איינמאָל, ווען ער איז אַרומגעגאַנגען און געוואַרטשעט, — ברוך, וואָס איז מיט דיר געוואָרן? האָב איך אַמאָל געטרוימט פון אַזאַ לעבן?... געדענקסט נאָך דיינע ווערטער פון אַמאָל: „ביי דיר ליגט מיין גליק און מיין האַרץ. צערייס עס אויף שטיקלאַך, זינאַ..."

ער האָט איר צוגעוואָרפן אַ פאַרעכטליכן בליק און געענטפערט:

— שלאַנג וואָס דו ביזט! דו מיינסט, אַז איך קאָן דיר ניט?... — און פיל מיט זיכערהייט צוגעגעבן: — איך ווייס אַלעס... איך געדענק נאָך גוט דיינע אַמאָליגע רייד, דו — — — —

זי האָט אים גאָר ניט געענטפערט, נאָר מאַכטלאָז זיך אוועקגעזעצט אויף אַ שטול און איר האָט זיך גענומען דוכטן, אַז עמיץ האָט מיט אַמאָל, מיט עפּעס גליענדעס איר האַרץ אָנגעצונדען, וואָס האָט לאַנגזאַם גענומען ברענען און ברענען, און עס וועט שוין קיינמאָל, קיינמאָל ניט פאַרלאָשן ווערן...

און זי האָט זיך שטיל און ביטער צעוויינט.

# אַ טאַטע.

אין אַ גרויסען טענעמענט הויז, אויפ'ן פערטען שטאָק אין אַ קליינעם שטיבעל וואָס פאַרמאָגט איין פענסטער וואָס גייט אין הויף אריין, דורך וועלכען עס זעט זיך ניט מער ווי וואַש־ליינס, פענסטער, דעכער און רויך, וואוינט זיך דאָרט אין דעם שטיבעל אַ מיטעלמעסיגער איד וואָס שטייט איין ביי אַ יונגע פּאָר.

די יונגע פּאָר זיינען מיינע באַקאַנטע און מיר קומט אָפּט־מאָל אוים צו באַזוכען זיי.

דער איד זייערער, מאַכט אויף מיר אַ זאָנדערבאַרען איינ־דרוק:

ער איז אַ מאַן פון אַ יאָר עטליכע און פערציג, אַ קאָפּ שוואַרצע האָר מיט פיל גרויע געמישט, דאָס פּנים ראַזירט, אַ פּאָר ברייטע שוואַרצע וואָנצעס וואָס עס דוכט זיך אַז זיי זיינען עקסטרא אויפ'ן פּנים כדי עס זאָלען זיך ניט אַזוי בולט אַרויס־זען די קנייטשען אַרום ביים מויל...

שטענדיג, ווען איך קום אַרויף צו מיינע באַקאַנטע, טרעף איך אים זיצען אין זיין צימערל, ביי אַ טישעל, ביידע הענט אין די טאַשען און נעבען אים, אַן אָפענע אידיש־ענגלישע מע־טאָדע. זיצט ער זיך אַזוי און שטודירט ווי אַ סטודענט וואָס וואָלט זיך געגרייט צום עקזאַמען.

יעדען פרימאָרגען גייט ער זיך אַוועק צו זיין אַרבייט, וואו ער אַרבייט אָפּ אַ גאַנצען טאָג ביי דער אָפּרייטאָר־מאַשין. און אין אָוונט, זיצט ער זיך ביי דער מעטאָדע ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין.

איינמאָל האָט מיר דער דאָזיגער איד דערציילט, וועגען זיך, אַ כאַראַקטעריסטישע געשיכטע:

ער איז געקומען פון רוסיש־פוילען, אין דער היים האָט ער אַ פאַמיליע, אַ פרוי מיט צוויי דערוואַקסענע קינדער, אַ איינגעל מיט אַ מיידעל און אויס ליבע צו דער פאַמיליע האָט ער די היים פאַרלאָזען און געקומען אין אמעריקא.

איך האָב ביי די פאָר ווערטער זיינע, געפּרואווט צו שמייכלען — עס איז פונקט ווי איינער וואָלט זאָגען, אַז אויס ליבע צו דער נאַטור, אַנטלויפט ער פון גערטנער...

— איך זע, מיין פריינט, אַז איך פאַרשטייט מיך ניט, איר זיינט גערעכט, עס איז טאַקע שווער צו פאַרשטיין, איך וועל אייך שוין דערציילען אַלעס. און ער האָט ווייטער גענומען דערציילען:

— אין דער היים בין איך געווען אַ שניידער, געמאַכט זיך אַ לעבען ווי אַן אַרבייטער, איר קענט דאָך פאַרשטייען. און ווי איר ווייסט שוין האָב איך צוויי קינדער. מיין גאַנצע פּראַצע, מיין האָפנונג, האָב איך נאָר אין זיי אַריינגעלייגט, מיין איינציגע שטרעבונג איז נאָר געווען, צו לאָזען די קינדער לערנען, בילדען. ווי שווער דאָס איז מיר ניט אָנגעקומען, האָט מיך אָבער קיין זאַך דערפון ניט אָפּגעהאַלטען. איך האָב שווער און ביטער געהאָרעוועט, פון פרי ביז ביינאַכט, געזען צו טאָן אַלעס וואָס נאָר מעגליך, אַזוי אַז איך זאָל זיך ניט האָבען וואָס צו שעמען מיט זיי. וואָרים אייגענטליך וואָס האָט דען דער אָרימער מענש אין גאַנצען צו האָפען? זאָל דאָס כאָטש זיין די איינציגע טרייסט און האָפנונג. און דאָס מוז איך זאָגען, אַז קעפּלאַך האָבען זיי געהאַט פייערדיגע... געלערנט האָבען זיי גוט. טאַטע־מאַמע האָבען הנאה געהאַט פון זייער לערנען, געטרוימט, געפאַנטאַזירט פון אַ גליקליכע צוקונפט. פיל מאָל, ווען זיי פלעגען אַהיים קומען פון שול, מיט אַן אויסצייכנונג, פלעג איך זיי אַרומנעמען, מיט מיינע שווערע אַרבייטס־הענט, און דריקען זייערע צאַרטע קעפּעלאַך צו זיך און מיט וואַרעמע פאָטערליכע קושען באַדעקען.

און אזוי האבען זיך אין ליבע אונזערע פאנטאזיעס גע־וועבט און געשפינען. עס זיינען אוועק מאנאטען און יארען, די קינדערלאך האבען זיך געלערענט, געוואקסען, זיי האבען אנגעפאנגען גיין אין גימנאזיום און גוט געקענט די רוסישע און פוילישע שפראך, אזוי אז צווישען זיך האבען זיי ניט גערעדט אנדערש ווי רוסיש אדער פויליש. אין שטוב פלעגען זיי תמיד זינגען רוסישע און פוילישע לידער און מיר האבען געשעפט נחת, מיין הארעוואניע איז ניט פארלוירען אומזיסט...

נאר ווי זאגט די וועלט א ווערטעל: „דער מענש טראכט, און גאט לאכט". און אזוי איז עס!

גראד די צייט, פון וועלכער מיר האבען אזוי אפט גע־טרוימט, גראד דאן האט זיך אנגעהויבען אריינ׳גנב׳ענען דער ווארים פון צווייפעל אין הארץ אריין און גענומען נאגען און נאגען טיף ביז צו דער נשמה.

איך האב זיך אנגעהויבען ארומקוקען, האב איך דערזען אז צווישען מיר און די קינדער איז זיך צוויי באזונדערע וועלטען אויסגעוואקסען... עפעס ניט ווילענדיג האבען זיי זיך אנגעפאנ־גען שעמען מיט מיר.

פלעגט זיך אמאל וועז עס איז טרעפען, אז זיי פלעגען זיך צוזאמענקומען אין הויז מיט חברים און פלעגען רעדען איבער וואס עס איז, האב איך זיך ניט געטארט אנרופען מיט א ווארט... און האב איך זיך אמאל אנגערופען מיט א ווארט ווי א טאטע, האב איך ניט זעלטען געהערט א שפאטישען פארעכטליכען ענטפער, אויף פויליש אדער אויף רוסיש: „רוף דיך ניט אן, מיש דיך ניט אריין, דו ווייסט גאר ניט"... און דאס האט מיר געקלונגען ווי א מין מי שברך... דארף איך אייך דערציילען ווי א פאטער קאן פילען דעמאלט?... די מוטער האט עס שוין ניט אזוי טיף געארט, ווי א מאמע — אבי זי האט נחת...

מיך האט עס אבער קיינמאל ניט אויפגעהערט צו ערגע־רען, איך ביז ארומגעגאנגען און געגעסען זיך... איך האב אימער

געטראכט: אך, ווי נאענט איך בין צו זיי און דאך אזוי פרעמד... אזוי ווייט...

פון פארצווייפלונג, האט עס מיך גענומען ציען, ציען ער־געץ אין דער ווייטער וועלט אריין. מיר האט זיך געדוכט, אז ערגעץ אין דער ווייטער וועלט בלאנדזשען ארום מיינע שענסטע חלומות און פאנטאזיעס וואס האבן אמאל מיין לעבן באַ־פליגעלט.

און אזוי ווי אין אונזער שטאט האב איך זיך אנגעהערט פון פיל געשיכטעס וועגן אמעריקא ווי דער און דער שוסטער וואס איז אוועק און איז געווארן אין אמעריקא א מיליאנער... א צווייטער ווידער וואס איז געווען א פראסטער שניידער, איז געווארן א דאקטאר, א גאנצער כירורג וואס מאכט אפערא־ציעס... און טוט אויף וואונדער... און נאך אזעלכע מעשיות, האב איך אויך אנגעהויבן טראכטן וועגן אמעריקא. און האב איך זיך נאר גענומען אין קאפ אריין אמעריקא, האבן די גע־דאנקען גענומען אזוי פארפאלגען, אז גאנצע טעג און נעכט האָ־בען זיך פאר מיינע אויגן געמאלען בילדער פון א נייער היים, פון א נייער גליקליכער צוקונפט, וואס ווארט אויף מיר אין דער ווייטער מדינה. אפטמאל האט זיך מיר געמאלען בילדער פון די רוסישע נויארקער גאסען, וואס איך האב זיי קיינמאל אפילו אין חלום ניט געזען, און גלייך ווי טויזענטער שטימען וואלטען מיך גערופען: „קום און דו וועסט דא ווידער דיין גליק גע־פינען...“ אפטמאל האט זיך מיר אפילו פארגעשטעלט א גאס מיט שטובען, אין וועלכע איך וואוין זיך מיט מיין פאמיליע וואו מיר לעבען זיך גליקליך און צופרידען.

ביסלעכווייז האב איך זיך אנגעהויבען דורכרעדען מיט מיין ווייב, וועגען די אלע פלענער מיינע, איך האב איר גענומען מאַ־לען פאנטאזיעס, גליקען, איינמאל און נאכאמאל, אזוי לאנג און אזוי ווייט, ביז זי האט צוגעשטימט, אז איך זאל אוועק פריער און דערנאך זאל איך שיקען שיף־קארטען. עס רעדט זיך לייכט,

אוועקפאַרען, צערייסען אַ הויז, אַ לעבען מיט וועלכען מען איז יאָרען פאַרקניפּט און פאַרבונדען געווען מיט טויזענטער פעדים און פעדימלאַך... נאָר איך דאַרף דאָך אייך ניט דערציילען וואָס דער סוף איז געוואָרען, איר זעט דאָך?...

ער האָט זיך גלייך געמאַכט זיינע צוויי ברייטע וואָנצעס, און מיך מאָדנע אָנגעקוקט. ווי איינער זאָגט: „נו, איצט פאַר־שטייט איר מיך?"

— וועל, — זאָג איך — נאָך אַלעם האָט איר געטאָן אַ גלייכע זאַך, איר וועט מיט דער צייט אַריבערנעמען אייער פאַ־מיליע און איר וועט זיך איינלעבען ווי טויזענטער אַנדערע, אַמעריקאַ איז פאָרט אַ מדינה.

— וואָס, אַריבערנעמען דאָ אַהער די פאַמיליע? און וואָס וועט זיין מיט די קינדער? זיי האַלטען דאָך אין מיטען שטו־דירען. צווייטענס, וועל איך דאָ קיין מיליאָנער ניט ווערען און די אַלע חלומות מיינע וועלען אַלץ איינס ניט פאַרווירקליכט ווערען, ווייל נאָך אַלעמען איז דען דאָ ניט דערזעלבער אונטער־שיד צווישען די צוויי דורות, צווישען קינדער און עלטערען? וואָס זשע לוינט זיך עס איך זאָל צוברעכען אַ הויז און ברענגען זיי דאָ אַהער וואו זיי זאָלען דאַרפען ערשט יעצט אָנפאַנגען לערנען אויף נייע וועגען? עס פעלט מיר קיינמאָל ניט איין. ביי דער ערשטער געלעגענהייט פאָר איך צוריק.

— טאָ וואָס זשע דען זיינט איר אַזוי פאַרטאָן אין דעם ענגליש? — בין איך געוואָרען נייגעריג.

— גאָר ניט, גלאַט אַזוי זיך, אַז איך וועל אי"ה אַ היים קומען זאָלען מיינע קינדערלאַך זען, אַז איך בין אַ וועלטס־מענש... שטעלט אייך נאָר פאָר עפּעס ענגליש אין דער היים... איין קליינינקייט!...

דאָ האָט ער אַרויסגענומען אַ סיגאַרעט, פאַררויכערט און אַרויסלאָזענדיג אַ געדיכטען רויך פון מויל און פון זיין נאָז האָט ער אַ זאָג געטאָן: יאַ, מיין פריינט, אַזוי איז עס!

# אַ מעשה מיט אַ קריגעלע.

עס איז מערקווירדיג, ווי אָפטמאָל אין לעבען דערמאָנט מען
זיך אין קליינינקייטען, נאַרישקייטען וואָס אַזוי דוכט זיך זיי־
נען זיי ווערט אַ גאָר ניט. און דאָך עסט זיך אַמאָל אַזאַ קליי־
נינקייט איין אין די ביינער און מאַכט אייך פיל פיל צו טראַכ־
טען.

אָט אַזאַ קליינינקייט דערמאָנט זיך מיר אָפטמאָל.

עס איז אַ מעשה מיט אַ קריגעלע, אַ פּשוט קריגעלע,
וואָס איך האָב אַמאָל געקויפט אין דייטשלאַנד פאַר אַ פּאָר
פעניג. און דאָך דוכט זיך מיר אָפט מאָל אויס אַז מיט דעם
קריגעלע גייען מיר אַ טייל פון מיינע אַמאָליגע יאָרען אויף.

דאָס קריגעלע האָב איך געקויפט אין דייטשלאַנד. די
ערשטע וואָך נאָך אונזער חתונה ווען איך בין מיט מיין ווייבעל
אַנטלאָפען פון רוסלאַנד און באַזעצט זיך אין אַ קליינעם דייי־
טשען שטעטעל אין אַ מעבלירט צימער.

קיין אנדערע הויז־זאַכען האָבען מיר כמעט ניט געדאַרפט,
ווייל מיר האָבען דאָך געוואוינט אויסמעבלירט. אפשר האָבען
מיר יאָ נאָך וואָס עס איז געקויפט, אָבער קיין אַנדערע זאַך, פון
יענער צייט, ליגט מיר ניט קיינמאָל אין זינען, אַ חוץ דאָס קרי־
געלע.

ס'אַ שיין קריגעלע געווען, געמאַכט פון ווייסע פאַרצעלאַן,
מיט אַ בלויער ראַנד פון אויבען און אין דערמיט מיט אַ גאָלד־
פאַרביגער אויפשריפט.

מיר האָבען דאָס קריגעלע אַזוי ליב געהאַט, אַז וואו מיר
האָבען נאָר געוואַנדערט האָבען מיר עס מיטגענומען אַלס אָנ־
דענקונג.

איך געדענק נאָך אַ געשיכטע מיט דעם קריגעלע ווי היינט :

צופעליג האב איך זיך עפעם דערוואוסט אז אדרעס פון מיינעם א פריינט וואס געפינט זיך אין דענעמארק. עס האט אנגעהויבן גיין צווישן אונז א קארעספאנדענץ אזוי לאנג ביז איינמאל האבן מיר זיך גענומען מאכן גרייט אויף דער רייזע נאך דענעמארק.

עס איז געווען אין א שבת־טאג, גייענדיג פון דער ארבייט האב איך באלד מיטגעקויפט א רייזע־קעסטעל אין וועלכן איך האב איינגעפאקט אונזערע ארבייטס־קליידער וואס מיר האבן שוין געהאט אפגעשפארט זייענדיג אין דייטשלאנד און דאס קריגעלע.

איך האב זיך אפילו אביסעל געקווינקעלט: וואס טויג עפעס מיטשלעפן א קריגעלע וואס קאסט אין גאנצן א פאר פעניג? נאר מיין ווייבעל האט מיך אנגעקוקט מיט אזא טיפן שמייכעל און געענטפערט:

— נארעלע, עס גייט דען אין די פאר פעניג? זאל עס זיין אן אנדענקונג, אז מיר האבן אמאל געוואוינט אין דייטשלאנד. אנדערע האבן אנדענקונגס א חתונה־רינג, בעט־געוואנט, אדער אנדערע זאכן, וואס האבן מיר?... (מיר האבן טאקע גאר ניט געהאט, מיר זיינען געווען רייד, אז מיר זיינען אנטלאפן מיט'ן לעבן) זאל דאס זיין אונזער אנדענקונג.

אירע רייד האבן אזוי געווירקט אויף מיר, אז איך האב גענומען איינפאקן דאס קריגעלע, ארומגעוויקעלט עס מיט מיין בלויען ארבייטס־ראק און ארומגעבעט מיט אביסעל שטרוי מיט אזא פארזיכט און ליבע, ווי דאס וואלט א מאיאנטעק געווען...

אנקומענדיג אין קאפענהאגען וואו מיר האבן געעפענט דאס רייזע־קעסטעל פאר'ן צאל־מאסטער, האט זיך אונטער זיינע בלאנדע דענישע וואנסן צולייגט א ברייטער שמייכעל... ער האט באלד צוגערופן נאך צוויי חברה־לייט און זיי האבן גע־נומען באקוקן, באטראכטן, דא אונז, דא דאס קעסטעלע און

עפּעם גערעדט צווישען זיך און געשאָסען מיט געלעכטערס און עפּעם גע'טענה'ט אויף זייער לשון ווי זיי וואָלטען פרעגען:

— ? ? ?

נאָר וואָס פאַרשטייט אַ דענישער נאַר?...

* * *

אין דעם נייעם מדינה'לע האָבען מיר שוין ניט געוואוינט אין קיין מעבלירטעם צימער. אַזוי אָבער ווי מיר האָבען גע־וואוסט, אַז דאָ וועלען מיר אויך ניט פאַרבלייבען, האָבען מיר זיך איינגעקויפט דאָס נויטיגסטע און איינגעאָרדענט אַ שטוב וואָס איך געדענק זי נאָך ביז היינט, ווי דאָס קריגעלע איז זיך געשטאַנען אויף אַ פּאָליצע וואָס איז געווען צוגעשלאָגען צו אַ וואַנט און אַרונטערגעשיינט מיט דער בלויער ראַנד און מיט דער גאָלדענער אויפשריפט און דערמאָנט אונז אַז פאַרגאַנגענע טרוימען.

פון דענעמאַרק זיינען מיר געפאָרען נאָך לאָנדאָן, וואוהין מיר האָבען דאָס קריגעלע מיטגענומען.

פרעגט מיך ווי אַזוי קומען מיר נאָך לאָנדאָן? וועל איך אייך דערציילען:

אַמאָל, גאָר פּלוצלונג, קריג איך מיר אַ בריף פון לאָנדאָן, פון מיינעם גאָר אַ נאָענטען חבר, און ער שרייבט מיר, אַז ער איז געוואָרען דאָרטען אַ פעלדשער.

אַז איך האָב איבערגעלעזען דעם בריף, האָט עס גענומען אין מיין מוח אַרבייטען, עס האָבען מיך גענומען וויגען פאַרשיי־דענע פאַנטאַזיעס. מיר האָט זיך גאַנץ לאָנדאָן מיט די רוסיש־אידישע קאָלאָניעס, נאָך וועלכע איך האָב אַזוי געבענקט, זיך מיט אַמאָל געשטעלט פאַר די אויגען, כאָטש איך האָב נאָך לאָנ־דאָן קיינמאָל אפילו אין חלום ניט געהאַט געזען... מיין חבר,

דער פעלדשער, איז פאר מיר אויסגעוואקסען און עס האט מיך עפעס גענומען ציען, ציען...

מיר איז אריין אין קאפ אריין אזא געדאנק:

— נאך אלעם מוז זיך א פעלדשער ניט זיין זייער שווער אויסצולערנען, ווארים אט — טראכט איך — ראזיר איך דאך מיך שוין א צייט אליין... און ראזירען א צווייטען, מוז דאך זיין פיל לייכטער — טראכט איך — ווייל מען זעט דאך וואס מען טוט... מען האט דאך עפעס יענעם ביי זיך אין די הענט.

פון דעמאלט אן, האט זיך מיר דער „פעלדשער" אזוי אריינגעלייגט אין קאפ, אז מיר האט זיך שטענדיג געוועבט פאנטאזיעס וועגען דעם, בייטאג וואכעדיגערהייט, און ביינאכט אין חלומות... מיר האט זיך אלץ פארגעשטעלט לאנדאן, ערגעץ אין א שיינער גאס וואו איך שטיי זיך אנגעטאן אין א ווייסען ראק מיט א ברוינעם קאם אונטער'ן אויער, און איך בין זיך פשוט אליין מקנא וואס איך האב זיך אזוי שנעל ארויפגעאר־בייט... ווארים אין אמת'ן, צווישען אונז געשמועסט, איז דאך פעלדשעריי א גאנץ שיינע פראפעסיע, גייסט אנגעטאן ריין, ציכ־טיג, ניט פארשמירט, ווי אין פאבריק, און מאכסט א לעבען ווי א סוחר, אלע מאל א נייעם גראשען...

איך האב זיך גענומען אדורכריידען מיט מיין ווייבעל וועגען דעם, און עס איז געבליבען אז מיר זאלען פארען — ניטא וואס צו פארלירען.

הקיצור, מיר האבען אויפגעגעבען דאס הויז, פארפאקט דאס קריגעלע און געררייזט נאך לאנדאן.

נאר ווי זאגט מען עפעס. פאנטאזיעס זיינען זיך פאנטא־זיעס. און ס'לעבען גייט זיך ווי עס גייט.

פון די אלע „פעלדשער טרוימען" האט זיך אויסגעלאזען א בוידעם... ווייסט איר וואס איך האב געטאן אין לאנדאן? איך האב קוים מיט צרות געפאקט עפעס אן ארבייט צו טריקענען

לעדער... שטעלט אייך פאָר ווי איך האָב געפילט?... ס'איז גע־וועזן צרות...

אין דעם טאָג וואָס איך האָב זיך ארויסגעכאַפּט פון לאַנ־דאָן קיין פּאַריז, וואו איך בין געוואָרען א קאַפּעלוש־מאַכער, האָב איך אויפגעהויבען די הענט צום הימעל.

מיר האָבען אַלע מאָל געקוקט אויפ'ן קריגעלע און דאָס קריגעלע האָט דערוועקט אין אונז א בענקשאַפט נאָך יענע ציי־טען וואָס מיר האָבען פאַרלוירען וואַנדערענדיג, און אונז האָט זיך צייטענווייז אויסגעדוכט, אז אפילו דאָס קריגעלע בייגקט אויך מיט אונז... ווי דאָס וואָלט עפּעס א נשמה פאַרמאָגט...

אָט אַזוי איז זיך דאָס קריגעלע מיט אונז מיטגעפאָרען. פון לאַנד צו לאַנד, ביז מיר האָבען זיך ענדליך אריבערגעפּעקעלט קיין אמעריקאַ.

דאָ אין אמעריקאַ, איז זיך דאָס קריגעלע שוין געשטאַנען א שיינע פּאָר יאָר ביי אונז אין שטוב און ארויסגעקוקט פון א שויבען־שענקעל. און מיר האָבען אַלע מאָל געקוקט דערויף מיט אַזאַ ליבע, אז מיר וואָלטען עס פאַר קיין זאַך ניט אוועקגעגע־בען. עפּעס האָט עס פאַרקערפּערט א שטיק סימבאָל פון אונ־זער לעבען...

מיט איינמאָל, מיר טוען א קוק, אונזער א דריי־יעריגער אינגעלע שטייט זיך ביים שויבען־שענקעל און האַלט זיך דאָס קריגעלע אין האַנט.

מיין ווייבעל טוט א געשריי, זי וויל צולויפען און טראַד... עס האָט זיך אים ארויסגעגליטשט פון זיינע קינדישע הענט־לאַך...

און כ'זאָג אייך, ס'איז דאָך נאָר א קריגעלע, פון דעסט־וועגען זיינען מיר ביידע געבליבען שטיין, געקוקט מיט אַזאַ טיפען ווייי צו דער פּאָדלאָגע וואו די שטיקלאַך פּאָרצעלאַי זיי־נען געלעגען. אז אונז האָט זיך בשעת מעשה געדוכט, אז א שטיק

פון אונזער לעבען ליגט דא אויף שטיקלאך צושאטען... ס'איז געווען אונזער לעצטער אנדענקען פון אמאל.

אט אזוי האט מיר דערציילט די מעשה מיט'ן קריגעלע א איד פון א יאר עטליכע און דרייסיג, ווען מיר זיינען געזעסען ביידע אויף א שיף פארענדיג נאך אויסטראליע.

# אין איינזאַמקייט.

א כמאַרנער אָווענט. דער ווינט קלאַפּט אַזוי אומעטיג אין די פענסטער, ווי עס וואָלט עמיצער די וועלט באַוויינט...

אין איר איינזאַם אַרימען שטיבעל זיצט איצט חנה׳לע אַ מידע, פאַרמאַטערט פון אַ גאַנצען טאָג שווערע ארבייט אין פאַבריק. זי זיצט ביים טישעל אָנגעלענט דעם קאָפּ אויף אירע הענט און טראַכט.

דרויסען אַרום איז שוין שטיל און פינסטער. עס וויגט זיך שוין אַלעס אין די אַרעמס פון דער נאַכט. זי הערט זיך צו צו יעדען אָפּקלאַנג וואָס טראַגט זיך אין דער אַרומיגער שטילקייט.

זי הויבט זיך אויף און שפּרייזט נערוועז איבער׳ן קליינעם צימער אַרויף און אַראָפּ. זי גייט צו צו אַ שופלאַד, נעמט פון דאָרטען אַרויס אַ פּאַק מיט פאָטאָגראַפיעס און נעמט עס איינציגווייז און פאַמעלעך דורכקוקען אַזוי איינע נאָך די אַנדערע.

אין צימער איז שטיל און דונקעל. אויף די ווענט זעט זיך איבעראַל אַרומקריכען דער שאָטען פון איר אייגען געשטאַלט, און עס הערט זיך נים מער ווי דאָס זשוזשען פון דער נעז־ליכט און פון צייט צו צייט דער שטילער גערויש פון די בילדער־טאָוולען וואָס זי רירט אָן.

צוקומענדיג צום בילד פון אירע עלטערען, זיינען אירע ליפּען צוגעפאַלען צו אים מיט הייסע קושען, און שטילע וואַרימע טרערען האָבען גענומען פליסען איבער אירע בלייכע באַקען. פאַר אירע אויגען נעמט זיך אויסמאַלען איר ליבע היימישע שטעטעל, דאָרט וואו זי האָט איר ליבע יוגענט פאַרבראַכט: אָט דוכט זיך איר זעט זי ערגעץ שווימען אירע אַמאָליגע קינדער־פאַנטאַזיעס...

עס דערמאָנט זיך איר אַ שבת, אין שטוב איז אַלעס ציכ־טיג, שיין אויפגעראַמט, די פּאָדלאָגע אויסגעשאָטען מיט ווייסע זאַמד, פון טיש קוקען אַרונטער די מעשענע לייכטער, די מאַמע גייט שיין אָנגעטאָן און דער טאַטע מיט זיין שוואַרץ־גרויער באָרד זיצט ביים טיש און זינגט זמירות, און זי, אַ קינד נאָך, ווערט פון אַלע געצערטעלט, געלאַשטשעט. עס ווילט זיך איר פּשוט וויינען פון בענקשאַפט.

אַזוי טראַכטענדיג ווערט זי אַנדרעמעלט און עס חלומ'ט זיך איר: אַט איז זי אַהיים געקומען. זי וואַנדעלט ווידער אי־בער איר היימישער שטעטעל, נאָר אַלץ קוקט איר עפּעס אויס אַזוי מאָדנע פרעמד: פרעמדע מענשען, פרעמדע גאַסען... אַ פּאָר אַלטע לייט קאָנען זיך קוים דעראינערען ווער זי איז, ווען זי רופט זיי אָן אירע געוועזענע עלטערען.

זי גייט דאַן אַרויף אויפ'ן בית־עולם, וואו עס ליגען איר טאַטע־מאַמע. אַט שטייט זי שוין פאַר אַ פּאָר אַלטע מיט גרי־נעם מאָך באַדעקטע מצבות, אויף וועלכע עס שטייען אָנגע־שריבען אַ פּאָר העברעאישע בוכשטאַבען, וועלכע זי קאָן ניט איבערלעזען.

זי וואַרפט זיך אַרויף אויף די קברים און וויינט, און וויינט, ביז — איר אייגען וויינענדיג קול האָט איר פון חלום אויפגע־וועקט.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט זי צעטומעלט זיך אַרומגעקוקט און געמורמעלט צו זיך אַליין:

— וואו בין איך? וואו בין איך?...

אין דרויסען האָט דער ווינט געברומט הינטער די פענס־טער, ווי עס וואָלט זיך פון ערגעץ געטראָגען אַ טרויעריגער ענטפער:

— עלענד, איינזאַם אין דער גרויסער שטאָט...

# מעשה׳לאך

---

## פּאָעטען.

אמאָל זיינען זיך דריי דיכטער צוזאַמענגעקומען אין אַ קאַפּע־הויז (קאַפּע־הייזער עקזיסטירען שוין אזוי לאַנג ווי עס עקזיסטירען דיכטער).

פון די דריי דיכטער איז איינער געווען אַ ליריקער, וואָס האָט שטיל און צאַרט באַזונגען די בענקשאַפט. זיינע לידער האָבען תמיד ווי בענקענדע האַרפען געקלונגען.

דער צווייטער איז געווען אַן ארבייטער־דיכטער, וואָס האָט די נראָע נויט און די שקלאַפעריי אין פערזען און ריטמען געפּעדעלט; זיין ליד האָט דעם עלענד מיט פּאָעטישע בלומען באַצירט.

דער דריטער איז געווען אַ נאַציאָנאַלער דיכטער, פון זיין לירע האָט זיך תמיד דער זיפץ און דער טרויער פון זיין ליידענדען פאָלק געהערט.

זיינען זיך די דריי דיכטער געזעסען אין ווינקעל ביי אַ טישעל און גערעדט איבער בלומען און מיידלאַך, ימ׳ען און וועלדער און דאָס גלייכען.

אַ צייט האָבען זיי זיך אזוי האַרמאָנירט און צופרידען געוועזען איינער פון צווייטען, ביז עס האָט זיך זייער געשפּרעך אויף זייער אייגענעם „איך" פאַרשלענגעלט.

זיי האָבען שוין אָנגעפאַנגען רעדען איבער זייער פערזענליכען שאַפונג, און איינער האָט אָנגעהויבען טענה׳ן צום צווייטען:

— גערדיכטען פון ארבייט און נויט איז קיין פּאעזיע ניט— האָט דער ליריקער א זאָג געטאָן מיט א מינע פון א גוטען פריינט א בעל־עצה — ווי קאָן מען דען פארהערליכען דאָס טרויעריגסטע? ווי קאָן מען פארזיסען דאָס ביטערע, דאָס גאַר־ליגסטע?

— און איך מיין ווידער פארקערט — האָט דער ארבייטער־דיכטער זיך גענומען פארטיידיגען — צו זינגען לירישע לידער האָט עפּעס ביי מיר גאָר קיין ווערט ניט. וואָרים וואָס זאָגט דען אייגענטליך א ליריקער? — ער דערציילט גאָר ניט. א חוץ א שטיקעל שטימונג, און אז מען זאָל זיך פארטראַכטען איבער א לירישעס ליד, וועט מען זען, אז דער דיכטער האָט גאָר ניט געהאט וואָס צו זאָגען. עס איז עפּעס א מין געהיימע נארעריי...

— איר זייט ביידע ניט אין גאַנצען אומגערעכט — האָט זיך אריינגעמישט דער נאַציאָנאַלער דיכטער — יעדער דיכטער מוז אלער ערשט זיין א קינד פון זיין פאָלק און אין זיינע לידער דארף זיך אפּשפּיגלען די ליידען און די פריידען פון זיין פאָלק.

פארשטייט זיך, אז די ערשטע צוויי האָבען אים שווין זיין פּאעזיע גוט צורעכט געמאַכט...

און באַלד דאמאָלס זיינען זיך די דריי דיכטער ברוגז׳לאך פאנאַנדערגעגאַנגען. כאָטש אויסערליך האָט מען געקאָנט מיינען, אז זיי זיינען זיך די זעלבע פריינט ווי געוועזען.

נאָר פון דאמאָלס אָן האָבען זיי אָנגעפאַנגען דיכטען ניט ווי זייערע נשמות האָבען געפילט נאָר ווי זייער הארץ האָט געוואָלט, אויסצייכענען זיך איינער פאר׳ן צווייטען... און עס איז אנטשטאַנען א שטילע, גייסטיג־פּאָעטישע מלחמה...

זייט דאָן האָט זייער פּאעזיע איר נשמה פארלוירען... און די וועלט איז ארימער געוואָרען מיט דריי דיכטער.

# דער דימאַנט.

א דימאַנט איז אַמאָל אַריינגעפאַלען אין בלאָטע, האָט דער דימאַנט פון בלאָטע געשיינט און געפינקעלט.

האָבען זיך אָבער אין דער בלאָטע ווערים געפונען, וואָס האָבען דאָס שיינען ניט געקאָנט פאַרטראָגען, האָבען זיי לאַנג־זאָם מיט ווערימיגער חוצפה גענומען שאַרען בלאָטע אויף אים, אַזוי אַז מען זאָל אים ניט אַרויסזען.

עס האָט זיך זיי איינגעגעבען, אַז דאָס פינקלען פון דימאַנט איז טיף אין דער ערד געלעגען און די ווערים האָבען טריאומ־פירט... נאָר איינמאָל, ווען א וואַרימע זון איז אויפגעגאַנגען, איז די בלאָטע אויסגעטריקענט געוואָרען, און דאָס בלישטשען פון דימאַנט האָט זיך מיט די רויט־גאָלדיגע זונען־שטראַלען ווידער באַגעגענט. די ווערים האָבען ערשט דאַן דערזען ווי נאַריש און ווי קליינליך זיי זיינען געוועזען.

דער דימאַנט איז געבליבען א דימאַנט, און ווערים — ווערים...

# צוויי גערטנער

אמאל זיינען געווען צוויי גערטנער, זיינען זיי ביידע פארליבט געווען אין בלומען. האבען זיי ביידע בלומען גע־פלאנצט.

ביי איינעם האט זיך א פראכטפאלער גארטען צעוואקסען מיט פארשידענע בלומען און רויזען, רויטע, בלויע, ווייסע און אז. וו.

פון דעם צווייטען האט זיך אבער זיין מזל אפגעטאן און אנשטאט בלומען און רויזען, האבען זיך אין זיין גארטען צע־וואקסען פארשידענע ווילדע גראזען און בלעטער.

צוזאמען מיט די גראזען און בלעטער האט זיך אין זיין הארץ די קנאה צעוואקסען און פון דער קנאה איז עס צו פיינט־שאפט אריבערגעגאנגען, גלייך ווי דער צווייטער גערטנער וואלט אין זיין אומגליקליכען מזל שולדיג געווען..

איינמאל האט זיך דער אומגליקליכער גערטנער גענומען פלאנצען מאן, רעטעך, אוגערקעס און ד. גל.

און אזוי ווי די וועלט איז א פראקטישע, האט ער פון רעטעך און אוגערקעס א גאנץ גיש׳קשה׳דיגען לעבען געמאכט...

פון דאמאלס אן האט דער גערטנער פון די אוגערקעס מיט רעטעך געלאכט פון דעם צווייטען מיט א צבעות׳דיגען געלעכ־טער:

„ער האט זיך אין בלומען און אין רויזען פארליבט. דער נאר...“

# דאָס געזאַנג פונ'ם דיכטער.

אַמאָל איז געווען אַ יונגער טרוימער, האָט ער אַ טיף־בענקענדע נשמה פאַרמאָגט. איז ער תמיד אַרומגעגאַנגען גע־בענקט און געטרוימט, געטרוימט און געבענקט.

און אַזוי טרוימענדיג און בענקענדיג, האָט ער זיין אַלטען גאָט פאַרלוירען און קיין נייעם ניט געפונען.

און דאָס האַרץ פון דעם יונגען טרוימער איז פול מיט תפילות געוועזען. נאָר אַזוי ווי ער האָט ניט פאַר וועמען זיינע תפילות אויסצוגיסען, איז זיין האַרץ פון ווייטאָג שיער צעריסען געוואָרען...

איינמאָל האָט ער זיך פאַרליבט אין אַ פשוט'ער מיידעל, וואָס האָט בלאָנדע האָר און בלויע אויגען פאַרמאָגט. און זייט דאַן איז די ליבע זיין גאָט און אידעאַל געוואָרען.

נאָר איינמאָל, ווען די געליבטע האָט אים פאַרלאָזען, האָט ער פון טיפען וויי און בענקונג לידער געזונגען און דאָס ליד איז זיין גאָט געוואָרען און אין ליד האָט ער זיין גאַנצע צעריסענע נשמה אויסגעגאָסען, און אַזוי זינגענדיג איז זיין נשמה אויסגעגאַנגען...

פון דאַמאָלס אָן קלינגט אין דעם שענסטען געזאַנג פאַר־באָרגען ערגעץ אַ סטרונע, וואָס נאָגט טיף אין דער נשמה באַ־האַלטען...

## צוויי טרוימער.

עס האבען צוויי טרוימער אמאל זיך אין א וויסטע גע־בלאנדזשעט.

טאג איין, טאג אויס האבען זיי געוואנדערט דורך בערג און דורך טאלען און האבען קיין וועג ניט געפונען.

און שווער איז דאס לעבען אין דער וויסטע געוועזען. קיין זון האט זיי קיינמאל ניט געשיינט, און אויב יא, אויב די זון האט זיך אמאל באוויזען, האט זי מער געברענט ווי געשטראלט און געליוכטען... קיין ווינטעל האט קיינמאל ניט צערטליך גע־וועט און אויב עס האט זיך אמאל א ווינט באוויזען, איז עס נאר שטורעם געוועזען... און וועלדער געדיכטע, דורך וועלכע עס האט זיך קיינמאל קיין פויגעל־ליד ניט געטראגען, נאר שווארצע ווארענעס האבען שטענדיג אומעטיגע קברים־לידער געזונגען... און פעלדער אן בלומען, נאר דערנער, שטעכיגע דער־נער, אן וועלכע עס האבען זיך ניט איינמאל די טרוימער זייערע פיס צעביילט און צעריסען...

נאר ליב האבען טרוימער דאס לעבען. אויב דער „היינט" איז א צרה'דיגער, א פינסטערער מיט זארגען און שרעקען, דאן בויט זיך דער טרוימער אין לופטען א הערליכען פאנטאסטישען „מארגען" פון גליק און פון ליבע, פון רו און פון פרידען...

און ווי ביטער דאס לעבען איז אין דער וויסטע געוועזען דאך זיינען די טרוימענדע הערצער פול מיט גלויבען און האפ־נונג געוועזען.

איינמאל האבען זיי צוויי טייכען באגעגענט. צוויי טייכען וואס האבען זיך צוויי באזונדערע וועגען געפלאסען.

איינער איז געווען א גרויסער טייך. א טיפער וואס האט געברויזט און ווילדע כוואליעס האבען זיך אלע מאל בייז גע־

הויבען און ווייסע ריזיגע וואַסער־בערג האָט זיך געדוכט סטראַ־שען און דראָען מיט געפאַר...

דער צווייטער טייך איז געווען אַ שטילער און ניט זייער קיין טיפער. קוים נאָר וואָס עס האָבען זיך קליינע וואַלען גע־שפילט, געקרייזעלט און געפלאַכטען זיך ווי ווייס־בלויע זילבער־רינגען... עס האָבען ביידע טרוימער די צוויי טייכען פאַר צוויי וועגען צו דער פרייהייט זיך אויסגעקליבען (טרוימער גייען זיך אויך אימער אין זייערע וועגען פאַנאַנדער...) און ס'האָבען די טרוימער צוויי שיפען געבויט און יעדער האָט זיך זיין וועג גע־נומען, זיין וועג אויף זיין טייך.

וואָס דער סוף איז געוועזען? — ווער ווייס עס? נאָר מען דערציילט, אַז דער וואָס איז געשווימען אויף דעם שטילען, רו־איגען טייך, איז ערגעץ געבליבען שטיין אין אַ זומפּ און דאָרט איז זיין פאַרבענקטע טרוימענדע נשמה אויסגעגאַנגען... און דער צווייטער שווימט נאָך ביז היינט אויף זיין שיף און ראַנ־געלט זיך מיט די ריזיגע וואַסער־בערג און שטורעמס, און זיך ראַנגלענדיג קלאַפּט אין זיין ברוסט נאָך אַ ליבע האָפנונג אַז זיין שיפעל וועט זיך דאָך ווען עס איז דערשלאָגען צו אַ ברעג...

און דעריבער זאָגט מיין פריינט, אַ פּאָעט: — בעסער קעמפען אין שטורם, איידער אויסהויכען די נשמה אין אַ זומפּ...

# די פּאַווע און די וואַראָנע

לאַנגזאַם, טריט ביי טריט, האָט זיך די פּאַווע אַרומגעשפּאַ־צירט איבער׳ן הויף. אַפּטמאָל האָט זיך געהערט איר פּאַוועשער געלעכטער, און פון צייט צו צייט איר האַרציגער זיפץ...

פלוצלונג איז געקומען צו פליען פון דער הויך אַ קליינע שוואַרצע וואַראָנע און האָט גענומען טאַנצען און קראַקען מעשה קאָמעדיאַנט.

די פּאַווע האָט זיך באַלד אָוועקגעשטעלט אין אַ נייגעריגע פּאָזע און האָט אויסגערופען:

— דו מיזעראַבלע שוואַרצע בריאה! דו ביזט אַזוי קליין און מיאוס, טאָ וואָרום ביזטו אַזוי פריילאַך און חוצפּה׳דיג?

— אמת, — האָט די וואַראָנע געענטפערט — איך בין קליין און מיאוס, אָבער ווייסטו, אַז איך לעב לאַנג... און קען ווייט פליען מיט מיינע מיאוס׳ע פליגעל?

— איך ווייס עס, — האָט די פּאַווע געענטפערט — דאָך איז דיר צו באַדויערען.

— וואָרום? — האָט די וואַראָנע געפּאָדערט.

— ווייל דיין גאַנצער פריילאַכער לעבען איז נאָר איצט, ווען עס בלאָזען די ווינטער־ווינטען, ווען אַלעם איז געבונדען און געשמידט אין אייז. קומט אָבער די פרילינגס־זון, דאַן איז ווי צו דיין פריילאַכקייט... זאָג דעם אמת, ווען דו דערמאָנסט זיך אַמאָל אַז זומער, ווען די זון וועט אַרויס פון איר פוטער־פּאַס און וועט שימערען מיט אירע גאָלדענע שטראַלען, און די ערד וועט זיך אַנטאָן איר פּראַכטפאָלען גרינעם מאַנטעל און אַלעם וועט לעבען און ליבען — לויפט דיר דאָן ניט דורך אַ שוידער דורך דייז לייב? איך, זעסטו, גיי מיר לאַנגזאַם, טריט ביי טריט, ווייט פליען קען איך ניט, ס׳איז אמת. אָבער הויך פלי

איך מיט מיינע שיינע פאַנטאַזיעס, און מיט מיינע זיסע טרוי־
מען, וועלכע מאַכען מיך גליקליך און צופרידען. און ווען איך
דערמאַן זיך אַן דעם טאָג פון מיין שטאַרבען, טרייסט איך זיך
מיט דעם געדאַנק, אַז די וועלט וועט זיך אַמאָל נאָך באַנוצען
מיט מיינע פעדערען.

— אַלזאַ, פריינט — האָט די וואַראַנע אויסגערופען —
דיינע שיינע רייד פון פרילינג, פון זונען־שטראַלען, פון רייכע
פאַנטאַזיעס זיינען זיס און אנגענעם צו הערען. איך בעט דיך,
ערקלער מיר דאָס אַלעס דייטליכער. עס איז דאָך אַזוי שיין.
און איך וועל מיך דאַן אין גאַנצען אָראָפּלאָזען צו דיר און פּי־
רען אַזאַ גליקליכען, אידעאַלען לעבען, ווי דו פירסט.

נאָר פּלוצלונג איז אַנגעקומען אַ זייער שמוציגער חזיר און
די וואַראַנע האָט אַ שפרונג געטאָן און איז אַוועק רייטענדיג
אויפ'ן חזיר'שען רוקען...

# די „ליבעס־בריף“.

ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס קליינמאן איז געוועזען בא־שעפטיגט טאג און נאכט, האט ער דאך, לא עלינו, א צרה'דיגען לעבען געמאכט.

איר ווייסט דאך אודאי ווי די וועלט זאגט א ווערטעל:

„א סך מלאכות און ווייניג ברכות.“

דאס דאזיגע ווערטעל קאן ריכטיג אנגעווענדעט ווערען אויף קליינמאנ'ען.

בייטאג איז קליינמאן געווען אן ארבייטער, געהארעוועט שווער און ביטער, מיט פארקאטשעטע הענט אין א וואטען־פאבריק, און ביינאכט איז ער געוועזען א שרייבער, געשריבען סקיצען און דערציילונגען.

אפטמאל אין שפעטע נאכט, ווען אלעס ארום איז שוין געווען איינגעוויקעלט אין נאכט־שאטענס, ווען אלע זיינען גע־שלאפען, פלעגט זיך קליינמאן זיצען אין שטוב ביי זיין טישעל און שרייבען זיינע מעשות.

געדרוקט האט זיך קליינמאן גאנץ אפט אין פארשידענע צייטונגען און פון צייט אפילו אין זשורנאלען. נאר דאך איז אים ניט געווען וואס מקנא צו זיין. ער איז געווען אן אומגליק־ליכער מענש... עס האט געהייסען, אז ער איז ניט קיין שרייבער און ניט קיין ארבייטער... אין פאבריק האבען אים די ארבייטער גערופען דער „שרייבער“ און צווישען שרייבער האט מען גע־זאגט, אז ער איז א גוטער וואטען־מאכער...

און אזוי איז עס געגאנגען מאנאטען און יארען:

ווידער געדרוקט א סקיצע, ווידער א דערציילונג און גע־קראגען טאקע א טשעקעל אויך, נאר דאך, האט ער זיך אלץ מאטעריעל און גייסטיג געפלאגט. ווייל בייטאג, ווען ער איז

געשטאַנען ביי דער ארבייט, איז ער געשטאַנען און געדזשי־דזשיט פון די וואכנעכט...

א סך מאָל פלעגט אים גלאַט אין מיטען טאָג באַפאַלען די מוזע, און דאַן איז שוין געוועזען וויי צו דער אַרבייט...

ביינאַכט ווידער, ביים שרייבען, פלעגט אים אַלץ רוישען אין מח פון די בייטאָגיגע ארבייט... און דאָס האָט אים א סך געשטערט, אזוי, אז ער האָט זיך ניט געקענט ארויסרוקען אין „פראַנט" אריין מיט'ן שרייבען... ווייל תמיד זיינען זיינע זאַ־כען געוועזען אזעלכע, וואָס האָבען ניט געקאַנט א נעם טאָן די וועלט מיט שטורם, עפעס האָט געפעלט אין זיי.

איז ער זיך געבליבען א שרייבערל, אָן א נאָמען...

און אזוי זיינען זיך יאָרען געפלויגען, ביז ער איז גרוי און אַלט געוואָרען.

נאָר ווי עס ווייזט אויס, איז קליינמאַנ'ען דאָך באַשערט געוועזען, אז גראַד אויף דער עלטער זאָל ער באַרימט ווערען.

עס האָט זיך געמאַכט, אז מיט אַמאָל, גאָר אומערוואַר־טעט, האָט אַנגעהויבען ערשיינען אין א געוויסער צייטונג זיינע א סעריע דערציילונגען אונטער'ן נאָמען „ליבעס־בריף".

און טאַקע די „ליבעס־בריף" האָבען אים א שטופ געטאָן אין „פראַנט" אריין...

אין יעדען וואָרט פון די דאָזיגע דערציילונגען, האָט זיך געפילט א צאַפּעלדיגע, פאַרליבטע נשמה. קיין איין זילבע, קיין איין וואָרט קיין צוגעטראַכטעס, נאָר געשריבען מיט הארץ, גע־פיל, וואַרעמקייט און יוגענט, אזוי, אז יעדער האָט באַוואונ־דערט דעם טאַלאַנט און דעם טעמפּעראַמענט פון דעם דיכטער. און נאָך מער איז געוועזען דער וואונדער, וואָס דער דיכטער, אזאַ אַלטער מאַן, פון א יאָר 50 האָט זיך געקאָנט אזוי אריינלעבען אין יוגענט־ליבע.

דעם סוד דערפון האָט אָבער קיינער ניט געוואוסט, אַ חוץ ער אַליין.

עס איז אַזוי געווען:

איינמאָל אין אַ שפּעטער נאַכט, ווען אַלע זיינען שוין גע־שלאָפן, איז זיך קליינמאַן געזעסן ביים טיש, זיין דאַרע האַנט אַרויפגעלייגט אויף זיין פּליך (קיין האָר אין קאָפּ האָט ער שוין ניט פאַרמאָגט) און געטראַכט וועגן אַ טעמאַ.

ער איז געוואָרן זייער נערוועז און גענומען שפּרייזן איבער'ן צימער אַרויף און אַראָפּ. אַט האָט ער שוין געוואָלט אין גאַנצן זיך אָוועקלייגן שלאָפן.

פּלוצלונג איז ער עפּעס צוגעגאַנגען צו אַ שופלאָד און גע־נומען זוכן, גלאַט אַזוי זיך, אַליין ניט וויסענדיג נאָך וואָס, ווען מיט אַמאָל האָט ער דערטאַפּט אַ גרויסן פּאַק מיט בריף און ער האָט גענומען לייענען.

דאָס זיינען געווען די בריף, וואָס ער האָט אַמאָל, אין דער יוגענט, אַלס געליבטער געשריבן צו זיין איצטיגער ווייב־בעל, און ער האָט נאָך אפילו ניט גע'חלום'ט פון דיכטען, און זי האָט זיי באַהאַלטן ווי אַן אוצר אַלס אָנדענקונג פון איר יוגענט.

— גאָט מיינער, האָט ער אויסגערופן, טעמעס... טעמעס... פאַרטיגע דערציילונגען!.... און אַ פרייד האָט זיך באַוויזן אויף זיין אַלטן פּנים.

פון גרויס פרייד האָט ער אויפגעוועקט זיין אַלטעטשקע און ליכטיג געמאַכט אין אַלע דריי שטובן.

— זע נאָר וואָס פאַר אַן אוצר איך האָב געפונען... — האָט ער זיך געווענדעט צו איר. פאַר וואָס האָסטו מיר קיינ־מאָל ניט געזאָגט פון די בריף? און ער האָט געפילט אומצו־כאַפּן איר און קושן.

פון דאַמאַלט אַז, האָט ער יעדע וואָך אָוועקגעשיקט איינעם פון די בריף און אָפּגעדרוקט אַלס א דערציילונג און זיי האָבן אים דאָס אַרויסגעשטופּט צום „פּראַנט."

אַט אַזוי קאָן אַמאָל אַ מענש געהאָלפן ווערן דורך אַ איינען ווייב...

# די וועטערן אין אַמעריקא.

(אַ מאָנאָלאָג פון אַ איד מיט אַ פאַרשאַרען בערדעל)

יעדעס מאָל, ווען איך פאַרטראַכט זיך וועגען די וועטערען אין אמעריקא, קום איך צום שלום, אז ניט אַנדערש, ווי דער הימעל מוז דאָ אויך זיין אַ געבלאָפטער. אזוי גוט ווי אַלץ איז דאָ אַ בלאָף פון אויבען ביז אַראָפּ, אזוי איז אויך דער הימעל מיט די וועטערען. אַ פאַקט האָט איך דאָך: איך שטייט אמאָל אויף אין אַ פריי־מאָרגען, אין דרויסען איז פינסטער, עס גיסט אַ רעגען, און איך ציט אויף זיך אַרויף דעם רעגען־מאַנטעל, נעמט מיט זיך דעם שירם אין האַנט און איך קריכט אַריין אין אייערע קאַלאָשען און לאָזט זיך אין וועג אַריין. פּלוצלונג, ווען איך זייט שוין ווייט פון דער היים אַוועק, איך טוט זיך מיט אמאָל אַ קוק אַרום, אויפ'ן הימעל שטייט אַ שיינענדע זון, די היץ בראָט און ברענט, עס איז ניט אויסצוהאַלטען. און איך, איך וואַנדערט אַרום אין דעם רעגען־מאַנטעל מיט דעם שירם אין האַנט, די קאַלאָשען אויף די פיס און איך קענט זיך קיין עצה ניט געבען. איך קוקט אויס ווי אַ שדכן אויף אַ יאַריד.

אַמאָל טרעפט עס פאַרקערט אויך:

עס איז אַ שיינער זומער־טאָג, איך טוט זיך אַן אייער ווייסען אַנצוג, די ווייסע שיך און אַ ווייסע העט, און מיט אמאָל, ווען איך זייט ערגעץ אויף אַ שפּאַציר, ווייט הינטער'ן שטאָט אין אַ וועלדעל אָדער ערגעץ אויף אַ לאַנקע, און פּלוצלונג, אַ שטורם, דער ווינט הייבט אייך אין דער לופטען, און דער רעגען פּאַטשט אייך דורך, אַז עס איז אַ שרעק צו קוקען אויף אייך...

און אזוי גייט עס דאָ כמעט שטענדיג.

איך וועל אייך דערציילען וואָס עס האָט פּאַסירט אַמאָל טאַקע מיט מיר אַליין:

דאָס איז געוועזען, ניט היינט געדאַכט, מיט אַ פּיער מאָנאַטען צוריק, ווען איך בין נאָך געווען אַ גרינער, און אַ גרינער, ווייסט איר דאָך, כאַפּט דאָ גרינע און געלע צרות. נאָר דאָס בין איך אייך מוחל. איך וועל אייך נאָר דערציילען דעם עיקר.

ווען איך בין געקומען צופאַרען אין אַמעריקא, בין איך געווען דאָ עלענד, קיינעם ניט געהאַט, אפילו קיין אַדרעס ניט צו קיינעם, נאָר מען איז דאָך אַ איד, גיט מען זיך אַן עצה, און איבערהויפּט נאָך אַז אַ פּאָר טאָלער האָב איך געבראַכט פון דער היים. און וואָס קען נאָך זיין וויכטיגערעס אין אַמעריקא ווי טאָלערס? בין איך ניט פאַרפאַלען געוואָרען.

אַוועק אַזוי עטליכע וואָכען, בין איך זיך געוואָרען אַ מעמבער פון אַ לאָדזש און געקראָגען פריינט און ברידער. כ'האָב זיך גאָר אַליין ניט גערינכט אויף אַזוי פיל. און גאָר ניט. האָב איך זיך געלעבט צופרידען, און וואָלט נאָך אפשר געבליבען אַ פריינט פון מיינע פריינט ביז היינטיגען טאָג, ווען ניט די ווערטערען אין אַמעריקא.

די מעשה איז אַזוי געווען:

חברה האָבען דערשמעקט אַ קליינינקייט — אַז איך פאַרמאָג אַ פּאָר טאָלער, און דאָס איז געווען מיין אומגליק.

איינמאָל קומען צו מיר צוויי ברידער פון לאָדזש און מאַכען מיט מיר אַ שמועס וועגען אַ פּיקניק, ד. ה. די לאָדזש וויל מאַכען אַ פרייען פּיקניק. נאָר וואָס דען, זיי פאַרמאָגען ניט די נויטיגע סומע איינצוקויפען וואָס מען דאַרף האָבען אויף אַ פּיקניק, און ווען איך זאָל וועלען אויסבאָרגען אַ 50—60 דאָלער, בלויז נאָר אויף אַ טאָג ביז נאָכ'ן פּיקניק, וואָלטען זיי געהאַט אַ מאָראַלישען ערפאָלג און אַ פינאַנציעלען פּראָפיט — אַ סוקסעס — ווי מען רופט דאָס דאָ אין אַמעריקא.

זע איך דאַך, אַז עס איז אַ גלייכע זאַך, חברה האָבן רעכט, נעם איך און באַרג אויס 75 קנאַקערס.

בקיצור, וואָס זאָל איך אייך דערציילן, יענער זונטאָג, דער טאָג פון פּיקניק איז געווען מיין יום־הדין. איך וועל אים קיינמאָל ניט פאַרגעסן ווי לאַנג איך וועל לעבן.

אייביג שטייט מיר נאָך דאָס בילד פאַר די אויגן ווי מיר שטייען אַזוי אין אַ פרייען וואַלד, ווייט הינטער'ן שטאָט. אַלעס וואָס מיר האָבן איינגעקויפט ליגט זיך פאַנאַנדערגעלייגט, די אַלע פרוכטען וואָס מיר האָבן איינגעקויפט ליגען אויף אַ טיש פון איין זייט און די סענדוויטשעס ליגען זיך אין דער צווייטער זייט. דער אייז־קרים און דאָס ביר שטייט געעפענט, און די זון קוקט אַראָפּ דורך די הויכע שפּיצען פון די בוימער. עס דוכט זיך, אַז זי שמייכעלט מיט אונזער גליק.

פּלוצלונג מיט אַמאָל, מיר ווייסען ניט פון וואַנען, אַ שטורם, אַ ווינט און אַ רעגען, אַז עס איז געווען מורא'דיג. די סענדוויטשעס און די פרוכטען פליען אין דער לופטען. דאָס ביר און דער אייז־קרים ווייקען זיך אין כוואַליעס וואַסער, און מיר, מיר האָבן זיך באַהאַלטען הינטער די בוימער, נאָר יעדער בליץ און יעדען דונער וואָס עס האָט געגעבען האָבן מיר געמיינט אַז עס איז אונזער סוף.

בקיצור, מיר האָבן דערזען, אַז עס איז ניט גוט, האָבן מיר גענומען לויפען. און אַזוי לויפענדיג צי איך זיך פּלוצלונג אויס מיט מיין נייעם סוט וואָס איך האָב געטראָגען, און בין גלייך אריין מיט'ן פּנים אין אַן אייז־קרים־קען, און מיר איז גע־וואָרען זים און ביטער אין מויל... איך געדענק נאָך היינט דעם טעם. און קוים, קוים מיט צרות, עס איז אונז געלונגען צו אנט־לויפען פון וואַלד אַרויס מיט'ן לעבען. איך האָב זיך דאַמאָלס פאַרקעלטעט, געכאַפּט די „גריפּ", ווי מען רופט עס דאָ אין אַמעריקאַ, און אָפּגעלעגען צוויי וואָכען אין בעט.

נו, און וועגן די פּאָר טאָלער מיינע, דאַרפסט איר דאָך שוין אַליין פאַרשטיין. הכלל, וואָס טויג עס אייך, מיר האָבן געהאַט אַזוי ווי איר זאָגט — אַ סוקסעס.

פון דאַמאָלס אָן ליגט מיר שטענדיג אין די ביינער דאָס וועטער אין אמעריקא.